יעקב לעווין

# מעשות און לעגענדעס

פון דער

## אידישער געשיכטע

דריטער טייל

(פון דער צעטיילונג פון דער מלוכה ביז די חשמונאים קעניגן)



פארלאג „אידישע שול"

הויפט-פארקויף ביי

היברו פאבלישינג קאמפאני

79 דעלענסי סטריט, ניו-יארק

# אינהאַלט:

# 1. ירבעם (יעראָבאָם) קעניג איבער ישראל.

י ר ב ע ם איז געוואָרן קעניג איבער י ש ר א ל. ער האָט באַפעסטיקט די שטאָט ש כ ם (שכעם) ווי אויך אַנדערע שטעט פון י ש ר א ל און געמאַכט ש כ ם פאַר זיין הויפּטשטאָט.

און די איינוואוינער פון י ש ר א ל האָבן געזייט זייערע פעלדער און געפלאַנצט זייערע גערטענער. און די ז ק נ י ם פון די ש ב ט י ם האָבן גע׳מ ש פ ט דאָס פאָלק און זיינען ווייניק געווען אָפּהענגיק פון דעם נייעם קעניג.

האָט י ר ב ע ם ביי זיך געטראַכט: „ווען דאָס פאָלק וועט אויף די י מ י ם ט ו ב י ם ווייטער גיין אין י ר ו ש ל י ם און דאָרטן ברענגען זייערע ק ר ב נ ו ת (קאָרבאָנעס) אין דעם טעמפּל פון יאַהאָווען; ווען זיי וועלן דאָרטן צוזען דעם גלאַנץ פון דעם קעניג פון י ה ו ד ה, וועט זיך זייער הארץ צוריקקערן צו ר ח ב ע ם׳ען (רעכאַוואָמען). זיי וועלן אים צוריק מאַכן פאַר זייער קעניג, און מיך וועלן זיי נאָך דער׳ה ר ג׳ענען".

האָט י ר ב ע ם זיך באַטראַכט און געמאַכט צוויי גאָלדענע קעלבער; איין קאַלב האָט ער אַוועקגעשטעלט אין ב י ת ־ א ל (בייסיִיל) — אין ד ר ו ם פון לאַנד און דאָס צווייטע קאַלב — אין ד ן (דאַן), אין צ פ ו ן. און ער האָט אויפגעבויט טעמפּלען פאַר זיי און אַוועקגעשטעלט מ ז ב ח ו ת און באַשטימט פאַר זיי כ ו ה נ י ם. און ער האָט געזאָגט צו די איינוואוינער פון י ש ר א ל: „איר דאַרפט מער ניט גיין אין י ר ו ש ל י ם, אָט דאָס איז דער גאָט, וואָס האָט אייך אַרויסגענומען פון מ צ ר י ם".

און י ר ב ע ם האָט באַשטימט אויף דעם אַכטן ח ו ד ש אַ י ו ם ־ ט ו ב, אַזוי ווי דאָס פאָלק פון י ה ו ד ה מאַכט אין דעם זיבעטן ח ו ד ש. און ער האָט צונויפגערופן דאָס פאָלק פון י ש ר א ל אין ב י ת ־ א ל און האָט דאָרטן געפּייערט דעם י ו ם ־ ט ו ב.

ווען י ר ב ע ם איז געשטאַנען ביים מ ז ב ח און געבראַכט אַ ק ר ב ן צום גאָלדענעם קאַלב, איז צוגעקומען אַ נ ב י א פון י ה ו ד ה און האָט אויסגערופן: „דערפאַר וואָס דו האָסט דאָ אויפגעבויט אַ מ ז ב ח פאַר דעם גאָלדענעם קאַלב און ברענגסט אויף אים ק ר ב נ ו ת, וועט קומען אַ צייט, ווען מ׳וועט אָט דעם מ ז ב ח צעשטייסן. און איצט וועט דער מ ז ב ח איינפאַלן, און דער אַש וואָס אויף אים וועט זיך צעשיטן".

איז י ר ב ע ם געוואָרן בייז און אויפגערעגט; און ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט און אויסגעשריען: „כאַפּט אים!“ אָבער



און י ר ב ע ם האָט אויסגעשריען: „כאַפּט אים!“

פון גרוים אויפרעגונג איז זיין האַנט אים שטייף געוואָרן. האָט זיך י ר ב ע ם דערשראָקן. האָט ער געזאָגט צום נ ב י א: „זע, מאַך, מיין האַנט זאָל צוריק געזונט ווערן. און דו קום צו מיר אין הויז און עס ביי מיר, און איך וועל דיר געבן שיינע מ ת נ ו ת“. האָט דער נ ב י א געענטפערט: „ווען דו וועסט מיר אַ פ י ל ו געבן האַלב פון דיין הויז, וועל איך ניט גיין מיט דיר, און וועל ניט עסן און ניט טרינקען אין דעם דאָזיקן פּלאַץ“.

און ער האָט זיך אויפגעהויבן און איז אַוועקגעגאַנגען.

## 2. י ר ב ע מ׳ס פרווו ביים נ ב י א אַ ח י ה (אַכיאָ).

אַמאָל איז ביי י ר ב ע מ׳ען שטאַרק קראַנק געוואָרן זיין זון, אַ ב י ה (אַווי-יאַ). האָט י ר ב ע ם געזאָגט צו זיין ווייב: „טו זיך איבער, פאַרשטעל זיך און גיי אין ש י ל ו צום נ ב י א אַ ח י ה, וואָס האָט מיר פאָרויסגעזאָגט, אַז איך וועל ווערן קעניג איבער י ש ר א ל. נעם מיט זיך צען לעבלאַך ברויט און אַ קרוג מיט האָניק און גיי צו אים, און ער וועט דיר זאָגן, וואָס וועט זיין מיט אונזער קינד".

האָט י ר ב ע מ׳ס ווייב געטאָן אַזוי, ווי איר מאַן האָט איר געהייסן, און איז אַוועק צו אַ ח י ה׳ן. און אַ ח י ה איז שוין גע-ווען זייער אַלט און האָט קוים, קוים געזען. אָבער ווי נאָר זי איז אַריבערגעטראָטן אַ ח י ה׳ס שוועל, האָט ער זי דערקענט און גע-זאָגט: „אומזיסט פאַרשטעלסטו זיך, י ר ב ע מ׳ס פרוי! איך ווייס, וואָס ביי אייך טוט זיך, און צוליב וואָס דו קומסט צו מיר. און מיין ענטפער צו דיר וועט זיין אַ האַרטער.

„גיי, זאָג י ר ב ע מ׳ען: דו ביסט דערהויבן געוואָרן פון צווישן פאָלק און געוואָרן זיין הערשער. אַ טייל פון דער מ ל ו כ ה פון ד ו ד׳ס הויז איז איבערגעגאַנגען צו דיר. אָבער דו ביסט ניט געווען ווי ד ו ד; האָסט ניט געטאָן קיין גוטס, נאָר געטאָן שלעכטס. דעריי-בער וועט קומען אַן אומגליק אויף י ר ב ע מ׳ס הויז. דאָס גאַנצע הויז י ר ב ע מ׳ס וועט אויסגעראָטן ווערן, ווי דורך אַ פייער. און דער זון דיינער, צוליב וועמען דו ביסט געקומען צו מיר, וועט שטאַרבן".

איז י ר ב ע מ׳ס פרוי אַ דערשראָקענע אַוועק פונ׳ם נ ב י א. און ווען זי איז געקומען אַהיים, איז איר קראַנקער זון געשטאָרבן.

י ר ב ע ם האָט געקיניגט צוויי און צוואַנציק יאָר. נאָך זיין טויט איז קעניג איבער י ש ר א ל געוואָרן זיין זון נ ד ב (נאַדאַוו). האָט איינער פון זיינע גענעראַלן, ב ע ש אָ (באַשאָ), געמאַכט אַ בונט קעגן אים און אים דער׳ה ר ג ׳עט, און איז אַליין געוואָרן קעניג פון י ש ר א ל. נאָכדעם האָבן זיך אין אַ קורצער צייט געביטן אין י ש ר א ל פינף קעניגן. ביז עס איז געוואָרן קעניג איינער ע מ ר י (אָמרי).

## 3. אַחאָב און אליהו (איילִיאָהו).

ווען עמרי איז געוואָרן קעניג, האָט ער ניט געוואָלט אָנ-האַלטן זיין הויפּט-שטאָט אין שכם, וואו די גענעראַלן פלעגן אָפט מאַכן אויפשטאַנדן קעגן זייערע קעניגן. האָט ער אָפּגעקויפט אַ באַרג און אויפגעבויט אויף אים אַ פעסטע שטאָט און איר אַ נאָמען געגעבן שומרון (שוימרוין). און ער האָט באַשטימט שומרון פאַר דער נייער הויפּטשטאָט פון ישראל.

נאָך עמרי׳ן איז געוואָרן קעניג זיין זון אַחאָב (אַכאָוו).
און אַחאָב האָט געהאַלטן אין איין טאָן שלעכטס. זיין אַזוי שלעכט ווי ירבעם איז ביי אים געווען אַ גאַנץ קליינע זאַך. ער האָט חתונה געהאַט מיט איזבל׳ן (איזעוועלן), דער טאָכטער פונ׳ם קעניג פון צידוין. און איזבל האָט איינ-געפירט אין ישראל, מ׳זאָל דינען איר גאָט, דעם בעל (באַאַל), און מ׳זאָל אים ברענגען פאַר קרבנות קליינע קינדער. און זי האָט געהייסן אויסראָטן אַלע נביאים פון יאַהאַווען.

איז אליהו, איינער פון די איינוואוינער פון גלעד (גילאָד), אַ באַגייסטערטער מאַן און אַ נביא און אַ טרייער דינער פון יאַהאַווען, געוואָרן בייז אויף אַחאָב׳ן. איז ער געקומען צו אים און געזאָגט: „צוליב דיין שלעכטס זיין וועט ניט פאַלן קיין טוי און קיין רעגן אין דעם גאַנצן לאַנד".

און אין גיכן איז געוואָרן אַ טריקעניש אין לאַנד. איז אליהו אַוועק צום טייכל כרית (קרים) און זיך דאָרט אויסבאַהאַלטן. און ווען דאָס וואַסער אינ׳ם טייכל האָט אויסגעטריקנט, ווייל עס איז קיין רעגן ניט געגאַנגען, איז אליהו אַוועק אין אַ שטעטל אין דעם לאַנד צידון און זיך באַזעצט ביי אַן אלמנה. און די אלמנה האָט אים געגעבן עסן און טרינקען אַ פּאָר יאָר צייט.

און אויפ׳ן דריטן יאָר איז אליהו געגאַנגען טרעפן זיך מיט אַחאָב׳ן. און אין שומרון איז דער הונגער געווען זייער שטאַרק. האָט אַחאָב גערופן דעם אויפזעער איבער זיין הויז — עובדיה׳ן (אויוואַדיען) און אים געזאָגט: „לאָמיר גיין צו אַלע קוואַלן און טייכלאַך און זען, צי וועלן מיר ניט געפינען אַ ביסל גראָז פאַר אַ פערד צי פאַר אַ מול-אייזל". האָבן זיי צעטיילט צווישן זיך דאָס לאַנד. איז אַחאָב אַוועק אין איין זייט און עובדיה

אין אַן אַנדערער. און עובדיה איז געווען אַ גוטער און אַן ערלאַכער מאַן און אַ דינער פון יאַהאַווען; ווען איזבל האָט אויסגעה׳רג׳עט אַלע נביאים פון יאַהאַווען, האָט עובדיה גענומען הונדערט נביאים און זיי באַהאַלטן צו פופציק אין אַ הייל און זיי געגעבן עסן און טרינקען.

ווען עובדיה איז געווען אויפ׳ן וועג, האָט ער פלוצלונג באַגעגנט אליהו׳ן. האָט ער אים דערקענט און זיך פאַרנייגט פאַר אים. האָט אים אליהו געזאָגט: גיי, זאָג דיין האַר אחאָב׳ן, אַז אליהו איז דאָ". האָט עובדיה געזאָגט: „מיט וואָס האָב איך זיך פאַר דיר פאַרזינדיקט, וואָס דו ווילסט מיך איבערגעבן אין די הענט פון אחאָב׳ן, ער זאָל מיר טייטן? איך שווער דיר, אַז ער האָט צעשיקט איבער אַלע פעלקער און קעניגרייכן זוכן דיך. און אַלע האָבן געענטפערט, אַז דו ביסט דאָרטן ניטאָ. איצט זאָגסטו מיר — גיי זאָג אחאָב׳ן, אַט איז אליהו. און וואָס וועט זיין, אַז איך וועל פון דיר אַוועק און זאָגן אחאָב׳ן, אַז דו ביסט דאָ, און דו וועסט דערווייל פאַרשווינדן? אַז אחאָב וועט קומען אַהער און דיך ניט טרעפן, וועט ער דאָך מיך טייטן".

האָט אליהו געזאָגט: „איך שווער דיר, אַז דאָס מאָל וועל איך זיך באַווייזן פאַר אחאָב׳ן".

איז עובדיה געגאַנגען, אויפגעזוכט אחאָב׳ן און מיט אים צוזאַמען געקומען צו אליהו׳ן. האָט אחאָב געזאָגט אליהו׳ן: „דו ביסט דאָס דער, וואָס האָט אומגליקלאַך געמאַכט ישראל."

האָט אליהו געענטפערט: „ניט איך האָב אומגליקלאַך געמאַכט ישראל, נאָר דו און דיין פאָטערס הויזגעזינד דערמיט, וואָס איר האָט פאַרלאָזן יאַהאַווען און גענומען דינען דעם בעל. איצט הייס צונויפקלייבן אויף דעם באַרג כרמל (קאַרמעל) דאָס גאַנצע פאָלק ישראל און אויך די פיר הונדערט מיט פופציק נביאים פון בעל, וואָס עסן ביי איזבל׳ס טיש".

## 4. אליהו און די נביאים פון בעל.

האָט אחאָב צעשיקט שלוחים איבער גאַנץ ישראל און אויפגעפאָדערט דאָס פאָלק צו קומען אויפ׳ן באַרג כרמל. ער האָט אויך צונויפגעקליבן אַהין די נביאים פון בעל. איז

א ל י ה ו  צוגעגאנגען צום פאָלק און האָט זײַ געזאָגט: „צוליב וואָס וויגט איר זיך אַהין און אַהער? אָדער דינט יאַהאָווען, אָדער דעם ב ע ל". האָט אים קײנער גאָרנישט געענטפערט.

האָט א ל י ה ו  געזאָגט צום פאָלק: „אָט בין איך פאַרבליבן דער אײנציקער נ ב י א פון יאַהאָווען. און נ ב י א י ם פון ב ע ל זײַנען דאָ פאַראַן פיר הונדערט און פופציק. לאָז מען אונז געבן צוויי אָקסן. זאָלן זײ זיך אויסקלײַבן אײנעם, צעשנײַדן אים און אַרויפלײגן אויף אַ מ ז ב ח, נאָר קײן פײַער זאָלן זײ ניט אַרויפ־לײגן; און איך וועל אויך נעמען אײנעם, צעשנײַדן און אַרויפלײגן אויפ'ן מ ז ב ח. און זאָלן זײ זיך ווענדן צום ב ע ל און בעטן פײַער, און איך וועל זיך ווענדן צו יאַהאָווען". איז דאָס דעם פאָלק געפעלן געוואָרן.

האָבן די נ ב י א י ם פון ב ע ל גענומען אַן אָקס, געשאָכטן אים און אַרויפגעלײגט אויפ'ן מ ז ב ח, און פון דערפרי ביז בײַטאָג האָבן זײ געהאַלטן אין אײן שרײַען: „ב ע ל, ענטפער אונז! ב ע ל, ענטפער אונז"! אָבער קײנער האָט ניט געענטפערט.

האָט א ל י ה ו  אָנגעהויבן צו מאַכן שפּאַס פון זײ און גע־זאָגט: „שרײַט העכער! א פ ש ר  שלאָפט ער, וועט ער זיך אויפ־כאַפּן". האָבן די נ ב י א י ם געשריען און מיט זײערע שווערדן זיך צעקריצט די לײַבער ביז בלוט. אָבער קײנער האָט ניט גע־ענטפערט.

האָט א ל י ה ו  אויסגעבויט אַ מ ז ב ח, אַרויפגעלײגט אויף אים האָלץ, געקוילעט זײַן אָקס, צעשניטן אים און אַרויפגעלײגט אויפ'ן האָלץ. און עס האָט זיך אָנגערוקט אַ וואָלקן און עס האָט אַ בליץ געטאָן, און דער בליץ האָט אַרײַנגעשלאָגן אין מ ז ב ח. און עס האָט זיך אָנגעצונדן דאָס האָלץ, און דער אָקס איז פאַרברענט געוואָרן.

ווען דאָס פאָלק האָט דאָס דערזען, האָט עס אויסגערופן: „יאַ־האָווע איז דער גאָט, ניט ב ע ל"!

האָט א ל י ה ו  געזאָגט צום פאָלק: „כאַפּט די נ ב י א י ם פון ב ע ל, און ה ר ג'עט זײ אויס. אײנער פון זײ זאָל ניט פאַר־בלײַבן".

און צו א ח א ב'ן האָט ער געזאָגט: „גײ, עס און טרינק, ווײַל דו זעסט דאָך די בליצן און הערסט די דונערן. דאָס זאָגט אָן אויף אַ גרויסן רעגן". און באַלד האָט זיך דער הימל באַדעקט מיט שווערע

וואָלקנס, און אַ שטאַרקער ווינט האָט אַ בלאָז געטאָן, און עס האָט אַ גאָס געטאָן אַ גרויסער רעגן. און אַחאַב האָט אײַנגעשפּאַנט זײַן רײַטוואָגן און איז שנעל אַוועקגעפֿאָרן אין דער שטאָט י ז ר ע א ל (איזרעעל).

## 5. א ל י ה ו בײַם באַרג ח ו ר ב (כּוירעוו).

און אַ ח אַ ב האָט דערציילט א ז ב ל'ן וועגן אַלץ, וואָס א ל י ה ו האָט געטאָן; אויך וועגן דעם, אַז ער האָט גע'ה ר ג'עט די נ ב י א י ם פֿון ב ע ל. האָט א ז ב ל געשיקט זאָגן א ל י ה ו'ן: „איך שווער דיר, אַז איך וועל ביז מאָרגן טאָן מיט דיר דאָס זעלבע, וואָס דו האָסט געטאָן מיט זיי".

איז א ל י ה ו אויפֿגעשטאַנען און איז אַוועקגעגאַנגען. איז ער אַזוי געגאַנגען אַ לאַנגע צײַט, ביז ער איז דורכגעגאַנגען י ה ו ד ה און איז געקומען אין מ ד ב ר. און דאָרט איז ער געגאַנגען פֿערציק טעג, ביז ער איז געקומען צום באַרג ח ו ר ב. ער האָט געפֿונען אַ הייל, איז אַרײַן אין איר און האָט דאָרטן איבערגענעכטיקט.

און בײַנאַכט, ווען ער האָט געטראַכט וועגן דעם, ווי ער האָט געקעמפֿט קעגן די, וואָס דינען צום ב ע ל, האָט ער דערהערט, ווי איינער וואָלט אים געפֿרעגט: „וואָס טוסטו דאָ א ל י ה ו?" האָט א ל י ה ו געזאָגט: „איך האָב זיך אָנגענומען פֿאַר יאַהאַוועןֹ, ווײַל דאָס פֿאָלק י ש ר א ל האָט צעריסן דעם בונד מיט אים, צעשטערט זײַנע מ ז ב ח ו ת, און דער' ה ר ג'עט זײַנע נ ב י א י ם. איצט בין איך בלויז אַליין פֿאַרבליבן, ווילן זיי איצט מײַן לעבן צונעמען".

האָט א ל י ה ו דערהערט ווי אַ שטימע וואָלט געזאָגט: „גיי אַרויס, שטעל זיך אַוועק בײַם באַרג, וועסטו דערשפּירן יאַהאַוועןֹ. איז א ל י ה ו אַרויס פֿון הייל און געשטעלט זיך בײַם באַרג. האָט אַ בלאָז געטאָן אַ שטורעם-ווינט, וואָס האָט געשפּאָלטן בערג און געבראָכן פֿעלזן; אָבער אין שטורעם-ווינט האָט ער יאַהאַוועןֹ ניט דערשפּירט. נאָכדעם איז געוואָרן אַן ערד-ציטערניש; אָבער אויך אין דער ערד-ציטערניש האָט ער יאַהאַוועןֹ ניט דערשפּירט. נאָכדעם האָט אויסגעבראָכן אַ פֿײַער; אָבער אויך אין דעם פֿײַער האָט ער יאַהאַוועןֹ ניט דערשפּירט. נאָכדעם איז פֿאַרביי אַ שטיל, שטיל ווינטל; און א ל י ה ו האָט אין דער שטילקייט דערשפּירט יאַהאַוועןֹ.

און ווען אליהו האָט אים דערשפּירט, האָט ער פאַרדעקט דעם פּנים מיט זײַן מאַנטל, און ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער האָט ביז איצט ניט געהאַנדלט ריכטיק, באַנוצנדיק אַזעלכע שטרענגע מיטלען פון קאַמף. האָט ער זיך אויפגעהויבן און איז אַוועקגעגאַנגען צוריק.

אויפ׳ן וועג האָט ער געטראָפן זײַנעם אַ תּלמיד, אלישע (עלישאַ), וואָס האָט געאַקערט זײַן פעלד. ווען אליהו איז פאַרבײַגעגאַנגען פאַרבײַ אים, האָט ער אויף אים אַרויפגעוואָרפן זײַן מאַנטל. האָט אלישע פאַרלאָזן זײַנע אָקסן, איז צו צו אליהו׳ן



אליהו וואַרפט אַרויף זיין מאַנטל אויף אלישע׳ן.

און האָט געזאָגט: „איך וועל נאָר גיין און אָפּזעגענען זיך מיט מײַן פאָטער און מוטער און וועל דאַמאָלסט גיין נאָך דיר”. האָט אים אליהו געזאָגט: „צו וואָס? פאַרבלײַב דאָ”.

האָט אלישע גענומען זײַנע אָקסן, זיי געקוילעט, אָפּגע־קאָכט און געגעבן דעם פאָלק, וואָס אַרום אים. און אַליין האָט ער זיך אויפגעהויבן און איז אַוועק מיט אליהו׳ן און האָט אים באַדינט.

## 6. אַחאָב און נבות (נאָוועס).

אין דער שטאָט יזרעאל (איזרעעל) האָט אַחאָב געהאַט אַ פּאַלאַץ, און לעבן זײַן פּאַלאַץ איז געווען אַ ווײַנגאָרטן, וואָס האָט באַלאַנגט צו אײנעם מיט׳ן נאָמען נבות. האָט אַחאָב געזאָגט נבות׳ן: „פאַרקויף מיר דײַן ווײַנגאָרטן, וועל איך פון אים מאַכן פאַר זיך אַ גרינס־גאָרטן, ווײַל ער איז לעבן מײַן הויז, און דיר וועל איך דערפאַר געבן אַן אַנדער ווײַנגאָרטן, אַ בעסערן פאַר דעם, אָדער איך וועל דיר באַצאָלן פאַר אים מיט געלט".

האָט נבות געזאָגט אַחאָב׳ן: „איך קען דיר ניט פאַרקויפן דאָס, וואָס איך האָב באַקומען בירושה פון מײַנע עלטערן". האָט אַחאָב׳ן זײער שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס נבות האָט אים אָפּגעזאָגט; איז ער אַוועק אַהײם, געלײגט זיך אויפ׳ן בעטל און ניט געוואָלט עסן. איז צו אים געקומען איזבל זײַן ווײַב, און אים געפרעגט, פאַרוואָס ער איז אומעטיק און פאַרוואָס ער עסט ניט. האָט איר אַחאָב דערצײלט, אַז ער האָט געבעטן בײַ נבות׳ן, יענער זאָל אים פאַרקויפן זײַן ווײַנגאָרטן, אָבער נבות האָט אים אָפּגעזאָגט.

האָט אים איזבל געזאָגט: „אַזוי דאַרף זיך ניט פירן אַ קעניג פון ישראל. שטײ אויף און זײַ פרײלאַך. איך וועל שוין דיר צושטעלן נבות׳עס ווײַנגאָרטן".

האָט איזבל אָנגעשריבן בריוו אין אַחאָב׳ס נאָמען און גע׳חת׳מ׳עט מיט זײַן שטעמפּל און צעשיקט די בריוו צו די עלטסטע פון דער שטאָט, וואו נבות האָט געוואוינט. און אין די בריוו האָט זי זײ געשריבן אַזוי: „רופט נבות׳ן צום געריכט און ברענגט צוויי מענטשן, וואָס זאָלן קעגן אים פאַלש עדות זאָגן, אַז ער האָט געזידלט דעם קעניג. און דאַן נעמט אים און פאַרשטײנט". האָבן די עלטסטע אַזוי געטאָן, און זײ האָבן נבות׳ן פאַרוואָרפן מיט שטײנער, און ער איז געשטאָרבן.

ווען איזבל האָט זיך דערוואוסט, אַז מ׳האָט נבות׳ן פאַרשטײנט, האָט זי געזאָגט אַחאָב׳ן: „גײ איצט, נעם איבער אָן געלט נבות׳ן ווײַנגאָרטן, וואָס ער האָט דיר ניט געוואָלט אַוועקגעבן פאַר געלט, ווײַל נבות לעבט שוין מער ניט. ווען אַחאָב האָט דערהערט, אַז נבות איז טויט, איז ער אַוועק איבערנעמען יענעמס ווײַנגאָרטן.

ווען אַ ח אָ ב איז אַרײַן אין װײַנגאָרטן, איז אים אַנטקעגן געקומען אַ ל י ה ו און געזאָגט: „דו האָסט אים דער׳ה ר ג׳עט



„האָסט אים דער׳ה ר ג׳עט און איצט גײסטו אים י ר ש׳ענען?“

און איצט גײסטו אים נאָך י ר ש׳ענען? עס װעלן הינט דעריבער לעקן דײַן בלוט אין דעם זעלבן פּלאַץ, װאו זײ האָבן געלעקט דאָס בלוט פון נ ב ו ת׳ן“.

האָט אים אַ ח אָ ב געזאָגט: „דו האָסט שוין מיך װידער גע־טראָפן, פײַנט מײַנער“? האָט אים אַ ל י ה ו געענטפערט: „יאָ, איך האָב דיך געטראָפן, װײַל דו האָסט זיך איבערגעגעבן צו אַלדאָס שלעכטס. עס װעט דעריבער דײַן הויז־געזינד פאַרשניטן װערן און אָפּגעמעקט װערן, אַזױ װי דאָס הויז־געזינד פון י ר ב ע ם, דעם זון פון נ ב ט. די פון דײַן הויז־געזינד װאָס װעלן שטאַרבן אין שטאָט, װעלן די הינט זײ אויפעסן, און די װאָס װעלן שטאַרבן אין פעלד, װעלן די פויגלען זײ אויפעסן, און אויך אַ י ז ב ל׳ן װעלן די הינט אויפעסן“.

װען אַ ח אָ ב האָט דאָס דערהערט, האָט ער אויף זיך צעריסן די קלײדער און אָנגעטאָן אַ זאַק און געפאַסט. אָבער ער האָט ניט אויפגעהערט צו טאָן שלעכטס, װי ביז אַהער.

## 7. אַ ח אָ ב קעמפט מיט אַ ר ם (אַראַם).

אײנמאָל האָט ב ן־ה ד ד (בען־האַדאַד), דער קעניג פון אַ ר ם, צונויפגעקליבן אַ גרויסע אַרמײ, איז געקומען אין י ש ר א ל און באַלאַגערט די הויפּט־שטאָט ש ו מ ר ו ן. און ער האָט געשיקט זאָגן אַ ח אָ ב׳ן: „אויב דו װעסט מיר אָװעקגעבן דאָס גאַנצע גאָלד און זילבער דײַנס און דײַנע װײַבער און דײַנע גרעסערע זין, װעל איך אַװעק פון דיר״. האָט אים אַ ח אָ ב געלאָזט װיסן, אַז ער איז גרײט אים דאָס אַלץ אָפּצוגעבן. זײַנען די ש ל ו ח י ם פון ב ן־ה ד ד׳ן צוריקגעקומען און געזאָגט אַ ח אָ ב׳ן: „מאָרגן װעט דער קעניג אונזערער צושיקן זײַנע דינער, און זײ װעלן דורכזוכן דאָס גאַנצע הויז דײַנס און װעלן צונעמען ניט נאָר דאָס גאָלד און זילבער, נאָר אַלץ, װאָס זײ װעלן געפינען װערטפולס און טײַערס״.

האָט אַ ח אָ ב צונויפגערופן די עלטסטע און זײ דערצײלט, װאָס ב ן־ה ד ד פאָדערט פון אים. האָבן אים די עלטסטע געזאָגט: „זאָלסט ניט פאָלגן, װאָס ב ן־ה ד ד זאָגט דיר״.

האָט אַ ח אָ ב געלאָזט װיסן װעגן דעם דעם קעניג פון אַ ר ם. איז ב ן־ה ד ד בײז געװאָרן און געהײסן באַלאַגערן די שטאָט.

איז צו אַ ח אָ ב׳ן צוגעקומען אײנער אַ נ ב י א און געזאָגט: „נעם די יונגע לײַט, די זין פון דײַנע באַאַמטע, און גײ מיט זײ אַרויס אויף מ ל ח מה קעגן אַ ר ם״. האָט אַ ח אָ ב אַזוי געטאָן. ער האָט צונויפגענומען אַ פּאָר הונדערט יונגעלײַט און איז אַרויס מיט זײ קעגן אַ ר ם. און ב ן־ה ד ד איז געזעסן מיט זײַנע גענעראַלן אין אַ בײַדל און האָט גע׳ ש י כ ו ר׳ט. איז אַ ח אָ ב אויף זײ פּלוצלונג אָנגעפאַלן און האָט זײ צעשלאָגן. האָט דער ח י ל פון אַ ר ם זיך צעלאָפן. און י ש ר א ל איז זײ נאָכגעלאָפן, פאַרפאָלגט און געשלאָגן. נאָר ב ן־ה ד ד האָט זיך געראַטעװעט און איז אַנטלאָפן.

האָבן די דינער פונ׳ם קעניג פון אַ ר ם אים געזאָגט: י ש ר א ל האָט דיך בײַגעקומען, װײַל זײער גאָט י אַ ה אַ ו ו ע איז דער גאָט פון בערג, און דו האָסט זיך מיט זײ געשלאָגן אויף די בערג. איצט גײ פאַרפיר מיט זײ אַ מ ל ח מ ה אין טאָל, װעסטו זען, אַז מיר װעלן זײ בײַקומען״.

האָט ער אין אַ יאָר אַרום צונויפגערופן זײַן גאַנץ פאָלק און איז

אַרויסגעטראָטן קעגן י ש ר א ל אין אַ טאָל, און אַ ח אָ ב האָט אויך צונויפגענומען זײַן אַרמיי. האָט י ש ר א ל אויסגעזען קעגן אַ ר ם, ווי אַ טשערעדע ציגן. און ביידע מ ח נ ו ת זײַנען גע־שטאַנען איינע אַנטקעגן דער אַנדערער זיבן טעג. און אויפ׳ן זיבעטן טאָג האָט זיך די מ ל ח מ ה אָנגעהויבן. האָט י ש ר א ל צע־שלאָגן אַ ר ם, און די פאַרבליבענע פון אַ ר ם זײַנען אַנטלאָפן געוואָרן, און ב ן ־ ה ד ד האָט זיך באַהאַלטן.

האָבן זײַנע דינער צו אים געזאָגט: „מיר האָבן געהערט וועגן די מ ל כ י ם פון י ש ר א ל, אַז זיי זײַנען זייער גוטע מענשן. לאָמיר זיך אָנטאָן אין זעק און אַרומוויקלען שטריק אַרום האַלז און קומען אַזוי אונטערטעניק צום קעניג פון י ש ר א ל, אפ ש ר וועט ער דיך לאָזן לעבן". האָט ב ן ־ ה ד ד אַזוי געטאָן.

האָט מען איבערגעגעבן אַ ח אָ ב׳ן, אַז ב ן ־ ה ד ד איז גע־קומען און בעט, ער זאָל אים לאָזן לעבן. האָט אַ ח אָ ב געזאָגט: „אַזוי גאָר, ער לעבט נאָך? ער איז מײַנער אַ ברודער, ברענגט אים צו מיר אַהער". איז ב ן ־ ה ד ד געקומען צו אַ ח אָ ב׳ן, און אַ ח אָ ב האָט אים אַרײַנגענומען צו זיך אין רײַטוואָגן. האָט ב ן ־ ה ד ד געזאָגט צו אַ ח אָ ב׳ן: „איך וועל דיר אומקערן די שטעט, וואָס מײַן פאָטער האָט אָפּגענומען בײַ דײַנעם. און דו וועסט זיך קענען מאַכן מערק אין ד מ ש ק (דאַמעסעק), ווי מײַן פאָטער האָט געמאַכט אין ש ו מ ר ו ן". האָבן זיי צווישן זיך געשלאָסן אַן אָפּמאַך. און אַ ח אָ ב האָט אָפּגעשיקט ב ן ־ ה ד ד׳ן אַהיים אין פרידן.

דעמאָלט איז איינער אַ יונגער נ ב י א צוגעגאַנגען צו איינעם אַ מענשן און אים געבעטן: „שלאָג מיך". האָט יענער אים גוט אָנגעשלאָגן און פאַרוואונדעט. האָט דער פאַרוואונדעטער נ ב י א אָנגעטאָן אַ מאַסקע אויף זײַן פּ נ י ם, זיך אַוועקגעשטעלט אויפ׳ן וועג און געוואַרט אויף דעם קעניג. און ווען אַ ח אָ ב איז פאַרבײַ־געפאָרן, האָט ער זיך צו אים געווענדט און געזאָגט: „איך בין געווען אויף מ ל ח מ ה, איז צו מיר איינער צוגעגאַנגען, געבראַכט אַ גע־פאַנגענעם און געזאָגט: „היט אָט דעם מאַן; דו ביסט פאַראַנטוואָרט־לאַך פאַר אים מיט דײַן לעבן, אָדער דו וועסט פאַר אים דאַרפן באַ־צאָלן". — און ווען איך האָב זיך אַזוי אַרומגעקוקט אַהין און אַהער, איז דער מאַן פאַרשוואונדן געוואָרן. וואָס זאָל איך איצטער טאָן"?

האָט אים אַחאָב געזאָגט: „דו האָסט דאָך פריער אַליין געזאָגט, אַז דו ביסט פאַראַנטוואָרטלאַך".

האָט דער נביא אַראָפּגעכאַפּט די מאַסקע פון פּנים, און אַחאָב האָט אים באַלד דערקענט, אַז ער איז פון די נביאים. האָט אים דער נביא געזאָגט: „וויַיל דו האָסט אַרויסגעלאָזן דיַין פיַינט פון דיַין האַנט, וועט דיַין לעבן גיין פאַר זיַין לעבן, און דיַין פאָלק וועט צעשלאָגן ווערן אַנשטאָט זיַין פאָלק".

איז אַחאָב אַן אומעטיקער אַוועק צו זיך אַהיים.

## 8. אַחאָב'ס טויט.

אין דריַי יאָר אַרום האָט אַחאָב געזאָגט צו זיַינע הערן: „איר ווייסט, די שטאָט ראָמאָסגילאָד געהערט דאָך צו אונז, און מיר האָבן זי ביז איצט ניט אָפּגענומען בייַם קעניג פון אַרם. וואָס'זשע שוויַיגן מיר"?

און צו אַחאָב'ן איז געקומען אין געסט יהושפט (יעהוי־שאָפאָט), דער קעניג פון יהודה. האָט אים אַחאָב געפרעגט: „ווֶעסטו מיר גיין העלפן אין מלחמה מיט אַרם"? האָט יהושפט געזאָגט: „איך וועל גיין מיט דיר, און מיַין פאָלק מיט דיַין פאָלק, און מיַינע פערד מיט דיַינע פערד. נאָר פרעג זיך פריער אָן בייַם אָראַקול פון יאהאווע, צי מיר זאָלן גיין אויף מלחמה".

האָט אַחאָב אַרומגעקליבן אַרום זיך פיר הונדערט נביאים און זיי געפרעגט, צי ער זאָל גיין אויף מלחמה. האָבן זיי אים געענטפערט: „גיי. און דו וועסט זיגן". און איינער פון די נביאים האָט גענומען אַ פּאָר אייַזערנע הערנער, איז צוגעקומען צו אַחאָב'ן און האָט אים געזאָגט: „אָט מיט דעם וועסטו צעשטויסן אַרם און זיי פאַרניכטן".

האָט יהושפט געפרעגט: האָסטו דאָ ניט אַ נביא פון יאהאווען?

האָט אַחאָב געענטפערט: „דאָ איז פאַראַן איינער; נאָר איך האָב אים פיַינט, וויַיל ער זאָגט מיר שטענדיק פאָרויס נאָר שלעכטס". האָט יהושפט געזאָגט: „דאָך פרעג אים".

האָט אַחאָב געשיקט רופן דעם נביא פון יאהאווען, מיכיהו'ן (מיכאָיהו'ן), און ווען יענער איז גע־

קומען, האָט אים אַ ח אָ ב געפּרעגט: „זאָלן מיר גייִן אויף מ ל ח מ ה מיט אַ ר ם צי נייִן"? האָט מ י כ י ה ו געענט־פערט: „גייִ און באַגליק". האָט אים דער קעניג געזאָגט: „וויפיל מאָל האָב איך דיך געבעטן דו זאָלסט מיר זאָגן בלויז דעם אַ מ ת, און בלויז אין נאָמען פון י אַ ה אַ ו ו ע ן".

האָט דער נ ב י א געזאָגט: „איך האָב געזען דאָס פאָלק י ש ר א ל צעשפּרייִט איבער די בערג, ווי שעפּסן אָן אַ פּאַסטוך. עס איז דעריבער בעסער, דאָס פאָלק זאָל זיך רואיק אומקערן יעדער אייִנער צו זיך אַהיים". האָט אַ ח אָ ב געזאָגט צו י ה ו ש פ ט'ן: „זעסט, איך האָב דיר געזאָגט, ער וועט בלויז פאָרויסזאָגן שלעכטס".

און דער נ ב י א מיט די אײַזערנע הערנער איז צוגעקומען און אַ פּאַטש געגעבן דעם נ ב י א פון י אַ ה אַ ו ו ע ן און גע־זאָגט: „פון ווען אָן איז דאָס י אַ ה אַ ו ו ע ס גײַסט אַריבער פון מיר צו דיר"? האָט אים דער נ ב י א מ י כ י ה ו געזאָגט: „אָט וועסטו זען. דעמאָלט וועסטו לויפן באַהאַלטן זיך אין די ווײַטסטע באַהעלטענישן".

און אַ ח אָ ב האָט געזאָגט: „נעמט צו מ י כ י ה ו'ן און גיט אים איבער צום פאַרוואַלטער פון שטאָט און זאָל מען אים האַלטן אויף ברויט און וואַסער, ביז איך וועל קומען צוריק אין פרידן". האָט מ י כ י ה ו געזאָגט: „הערט זיך אַלע צו: אויב ער וועט קומען אין פרידן צוריק, איז טאַקע אַ ס י מ ן, אַז איך בין אַ פאַלשער נ ב י א".

און אַ ח אָ ב האָט געזאָגט צו י ה ו ש פ ט'ן: „איך וועל זיך איבערטאָן און פאַרשטעלן זיך, און דו גייִ אין מ ל ח מ ה אין דײַנע קעניגלאַכע קליידער".

און זייִ זײַנען אַרויסגעטראָטן אויף מ ל ח מ ה קעגן אַ ר ם. און דער קעניג פון אַ ר ם האָט אָנגעזאָגט אַלע זײַנע גענעראַלן: „איר זאָלט ניט פירן קיין מ ל ח מ ה מיט קיינעם אויסער דעם קעניג פון י ש ר א ל". ווען די רײַטער האָבן דערזען י ה ו ש פ ט'ן, האָבן זיי געמייִנט, אַז דאָס איז דער קעניג פון י ש ר א ל, האָבן זייִ זיך געלאָזט אויף אים. אָבער זייִ האָבן באַלד אויסגעפונען, אַז דאָס איז ניט אַ ח אָ ב; זײַנען זייִ אָפּגעטראָטן פון אים.

און אייִנער פון די רײַטער האָט צופעליק אַ צי געטאָן זײַן בויגן און מיט'ן פײַל געטראָפן אַ ח אָ ב'ן. האָט אַ ח אָ ב געזאָגט צו

זײַן קוטשער: „קירעווע זיך אוים און פיר מיך אַרוים פון שלאַכט־פעלד, ווײַל איך בין פאַרוואונדעט". איז דער קעניג געשטאַנען אַ גאַנצן טאָג אַ פאַרוואונדעטער בײַם ברעג פעלד, כ ד י ניט אָפּ־צושוואַכן דעם מוט פון די ב נ י ־ י ש ר א ל; און אין אָוונט איז ער געשטאָרבן, ווײַל ער האָט פאַרלאָרן זײער פיל בלוט פון זײַן וואונד.

און אין דער מ ח נ ה פון י ש ר א ל האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז יעדער אײנער דאַרף גײן אַהײם. איז זיך דאָס פאָלק צעגאַנגען אַהײם, און דעם קעניג האָט מען אַ טויטן געבראַכט אין ש ו מ ר ו ן. און ווען מען האָט אויסגעוואַשן זײַן רײַט־וואָגן, האָבן הינט געלעקט זײַן בלוט, ווי עס האָבן הינט געלעקט דאָס בלוט פון נ ב ו ת'ן, וואָס מען האָט דער'ה ר ג'עט צוליב אַ ח אָ ב'ן.

נאָך אַ ח אָ ב'ן איז געוואָרן קעניג זײַן זון אַ ח ז י ה (אַכאַז־יאַ). אײנמאָל האָט אַ ח ז י ה שפּאַצירט אויפ'ן דאַך פון זײַן הויז און איז אַראָפּגעפאַלן. ער האָט זיך שטאַרק צעשלאָגן, איז שווער קראַנק געוואָרן און איז געשטאָרבן. נאָך אים איז געוואָרן קעניג זײַן ברודער י ה ו ר ם (יעהויראָם).

## 9. א ל י ה ו פאַרשווינדט.

אײנמאָל איז א ל י ה ו מיט א ל י ש ע'ן געגאַנגען פון דער שטאָט ג ל ג ל (גילגאַל). האָט א ל י ה ו געזאָגט א ל י ש ע'ן: „בלײַב דאָ, און איך וועל גײן ווײַטער". האָט א ל י ש ע ניט גע־וואָלט צעשײדן זיך מיט א ל י ה ו'ן. זײַנען זײ געגאַנגען ווײַטער.

אויפ'ן וועג זײַנען זײ אַנטקעגן געקומען די יונגע נ ב י א י ם. האָבן זײ געזאָגט א ל י ש ע'ן: „איז דאָס א מ ת, אַז דו צעשײדסט זיך הײַנט מיט דײַן האַר"? האָט א ל י ש ע געענטפערט: „איך ווײס, זײַט שטיל." און זײ זײַנען געגאַנגען ווײַטער.

און א ל י ה ו האָט ווידער געזאָגט א ל י ש ע'ן: „בלײַב דאָ איבער, ווײַל איך דאַרף גײן ווײַטער ביז'ן י ר ד ן". האָט א ל י ש ע געזאָגט: „איך שווער דיר, אַז איך וועל דיך ניט פאַרלאָזן". זײַנען זײ בײדע געגאַנגען ביז'ן י ר ד ן, און די יונגע נ ב י א י ם זײַנען געבליבן שטײן פון ווײַטן.

ווען א ל י ה ו און א ל י ש ע זײַנען אַריבער דעם י ר ד ן,

האָט א ל י ה ו געזאָגט צו א ל י ש ע'ן: „זאָג מיר, וואָס זאָל איך פאַר דיר טאָן, איידער איך גיי אַוועק פון דיר אויף שטענדיק”? האָט א ל י ש ע געזאָגט: „איך וויל זיין צוויי מאָל אַזאַ גרויסער נ ב י א ווי דו”. האָט א ל י ה ו אים געענטפערט: „דו בעטסט צופיל. דאָך, ווען דו וועסט זען, ווי איך גיי אַוועק פון דיר, וועסטו דאָס זיין”. און זיי זיינען געגאַנגען און האָבן געשמועסט צווישן זיך.

פלוצלונג האָט זיך אויפגעהויבן אַ שטורעם-ווינט, האָט אַ הייב אויף געטאָן א ל י ה ו'ן און אים ערגעץ פאַרטראָגן. און א ל י ש ע האָט עס געזען און האָט געשריען: „אַ פאָטער, פאָטער! קראַפט און פירער פון י ש ר א ל”. אָבער ער האָט אים באַלד מער ניט געזען, ווייל א ל י ה ו איז פאַרשוואונדן געוואָרן.

האָט א ל י ש ע צעריסן אויף זיך די קליידער און איז אַוועקגעגאַנגען צוריק. אויפ'ן וועג האָט ער געפונען א ל י ה ו'ס מאַנטל. האָט ער אים מיט זיך גענומען און איז אַריבערגעגאַנגען אויף יענער זייט י ר ד ן ביי י ר י ח ו (יעריכע). דאָרט האָבן אים באַגעגנט די יונגע נ ב י א י ם. זיינען זיי צוגעקומען צו אים און געבוקט זיך פאַר אים, און ער האָט זיי דערציילט, אַז א ל י ה ו איז פאַרשוואונדן. האָבן זיי אים געזאָגט: „מיר זיינען דאָ אַלע מוטיקע יונגען. לאָז אונז, לאָמיר גיין און זוכן, אפשר איז א ל י ה ו אַראָפּגעפאַלן אין אַ גרוב, אָדער אויף איינעם פון די בערג, וועלן מיר אים געפינען”.

האָט זיי א ל י ש ע ניט געראָטן דאָס צו טאָן. אָבער זיי האָבן אים זייער שטאַרק געבעטן, האָט ער זיי ערלויבט. זיינען זיי געגאַנגען און געזוכט דריי טעג צייט און האָבן אים ניט געפונען. האָט זיי א ל י ש ע נאָכדעם געזאָגט: „איר זעט — איך האָב דאָך אייך געזאָגט, איר זאָלט ניט גיין”.

און די איינוואוינער פון דער שטאָט, וואו א ל י ש ע איז געווען, זיינען געקומען צו אים און געזאָגט: „די שטאָט און די פעלדער אַרום זיינען זייער גוט, ווי דו זעסט. נאָר דאָס וואַסער איז שלעכט, און די געגנט איז דעריבער פול מיט קראַנקהייטן”.

האָט א ל י ש ע געהייסן ברענגען אַ פלאַש מיט זאַלץ. איז ער אַוועק צום פלאַץ, פון וואַנען דאָס וואַסער פליסט אַרויס, און אַהין אַריינגעשאָטן דאָס זאַלץ. איז דאָס וואַסער געוואָרן ריין און געזונט און האָט מער די מענשן ניט געשאַדט.

## 10. אלישע און נעמן (נאַימאַן).

ביים קעניג פון אַרם איז געווען אַ הויכער קריגס-פירער, נעמן; איז ער קרעציק געוואָרן. האָט ער זיך לאַנג געהיילט, און עס האָט אים גאָרנישט ניט געהאָלפן.

און ביי נעמנ׳ען איז געווען אַ דינסט, אַ געפאַנגענע אידישע מיידל. האָט זי געזאָגט צו איר ווירטן: „ביי אונז אין שומרון איז פאַראַן אַ נביא, אלישע. ווען אונזער האַר וואָלט צו אים געגאַנגען, וואָלט יענער אים אויסגעהיילט פון זיינע קרעץ. ווען נעמן האָט וועגן דעם דערהערט, איז ער אַוועק צום קעניג פון אַרם און האָט דאָס אים דערציילט. האָט דער קעניג פון אַרם אים געגעבן אַ בריוו צום קעניג פון ישראל, יהורמ׳ען (יעהוי־ראַמען), און אין בריוו האָט ער געשריבן אַזוי: „איך שיק צו דיר מיין קריגס-פירער, נעמן. היילט אים אויס פון זיינע קרעץ״.

האָט נעמן גענומען דעם בריוו און אַ שיינע מתנה פון גאָלד, זילבער און טייערע קליידער און איז אַוועק אין שומרון. ווען יהורם, דער קעניג פון ישראל, האָט איבערגעלייענט דעם בריוו, האָט ער זיך דערשראָקן. ער האָט צעריסן אויף זיך די קליידער און געזאָגט: „דאָס זוכט קענטיק דער קעניג פון אַרם אַן אויסרייד אָנצוהייבן אַ מלחמה מיט די אידן. ווייל ווי אַזוי קאָן איך אים דען אויסהיילן״?

ווען אלישע האָט דערהערט וועגן דער מעשה, האָט ער געשיקט זאָגן דעם קעניג פון ישראל: „וואָס האָסטו זיך אַזוי דערשראָקן? שיק אים צו מיר״.

איז נעמן מיט זיינע פערד און רייטוואָגן צוגעפאָרן צו אלישע׳ס הויז. האָט אלישע אים אַרויסגעשיקט זאָגן: „גיי, באָד זיך אָפּ זיבן מאָל אין ירדן, וועסטו געזונט ווערן״.

איז נעמן אין כעס געוואָרן און געזאָגט: „איך האָב געטראַכט — ער וועט אַרויסגיין צו מיר, וועט זיך אַוועקשטעלן און אַ מאַך טאָן מיט זיין האַנט אויף דעם פלאַץ, וואו די וואונדן זיינען, און איך וועל געזונט ווערן. ערשט ער הייסט מיר גאָר באָדן זיך אין ירדן. וואָס איז, — זיינען דען די טייכן פון דמשק, אונזער הויפּט-שטאָט, ניט בעסער, ווי אַלע וואַסערן פון ישראל? אָט

האָב איך זיך אין זײ יאָ געבאָדן, און בין ניט רײן געוואָרן". און ער איז אַ כ ע ס'דיקער אַוועקגעפאָרן.



גיי, באָד זיך אָפּ 7 מאָל אין י ר ד ן, וועסטו געזונט ווערן".

זײַנען צו אים צוגעקומען זײַנע דינער און געזאָגט: „זע, האַר! ווען דער נ ב י א וואָלט דיר געהײסן טאָן אַ שווערע זאַך, וואָלסטו דען ניט געטאָן? און איצט, אַז ער הײסט דיר טאָן אַזאַ קלײניקײַט, ביסטו בײז געוואָרן און ווילסט אים ניט פאָלגן. איז נ ע מ ן צו־געפאָרן צום י ר ד ן און האָט זיך זיבן מאָל אויסגעבאָדען אין טײַך. איז זײַן לײַב בײסלאַכוויַיז רײן געוואָרן. האָט ער זיך מיט זײַן גאַנצער סוויטע אומגעקערט צוריק צו א ל י ש ע'ן און אים

באדאנקט און געבעטן, ער זאָל ביי אים נעמען אַ מ ת נ ה. האָט א ל י ש ע זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען וואָס עס איז, און ער האָט גע־בענשט נ ע מ נ'ען און אים אָפּגעשיקט אהיים.

און א ל י ש ע'ס דינער, ג י ח ז י (געיכאַזי), האָט ביי זיך געטראַכט: אַ שאַד, אַז האָט מיין האר גאָרנישט גענומען ביי נ ע מ נ'ען, דעם אַראַמייער; איך וועל דעריבער נאָכלויפן נאָך אים און וועל ביי אים עס איז נעמען. איז ער געלאָפן. ווען נ ע מ ן האָט דערזען, אַז איינער לויפט נאָך אים, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און געפרעגט: „איז עפּעס ניט אין אָרדענונג"? האָט ג י ח ז י געענטפערט: „אַלץ איז אין אָרדענונג. נאָר צו מיין האר זיינען אַט ערשט אָנגעקומען צוויי יונגע נ ב י א י ם. האָט ער מיך געשיקט בעטן ביי דיר, דו זאָלסט זיי געבן אַ שטיק זילבער און צוויי פּאָר קליידער". האָט נ ע מ ן געזאָגט: „נעם א פ י ל ו צוויי שטי־קער". און ג י ח ז י האָט גענומען צוויי שטיקער זילבער און צוויי פּאָר קליידער. און ער האָט דאָס געגעבן צו די צוויי יונגען, וואָס זיינען געגאַנגען מיט אים און זיי האָבן עס אים געהאָלפן טראָגן.

אויפ'ן וועג איז ער פאַרגאַנגען אין אַ הויז, גענומען ביי די יונגען דאָס זילבער און די קליידער, האָט אָפּגעשיקט די יונגען, און די זאַכן האָט ער באַהאַלטן. נאָכדעם איז ער אַוועק צו א ל י ש ע'ן. האָט אים א ל י ש ע געפרעגט: „פון וואַנען קומסטו ג י ח ז י"? האָט יענער אים געזאָגט: „איך בין ערגעץ ניט געגאַנגען". האָט אים א ל י ש ע געזאָגט: „מיינסט, אַז מיין האַרץ איז ניט מיטגעגאַנגען מיט דיר, ווען דו ביסט נאָכגעלאָפן נאָך נ ע מ נ'ען? איז דען איצטער די צייט צו נעמען געלט און קליידער? און א פ י ל ו וויינגערטנער און שאָף און רינדער?"

און א ל י ש ע האָט געשאָלטן ג י ח ז י'ן און געזאָגט: „זאָל די קרעץ פון נ ע מ נ'ען אַריבער אויף דיר און אויף דיינע קינדער".

# 11. דער הונגער אין ש ו מ ר ו ן.

און דער קעניג פון א ר ם  האָט ווידער צונויפגעקליבן זײַן גאַנצע אַרמײַ און באַלאַגערט  ש ו מ ר ו ן. איז אין  ש ו מ ר ו ן  געוואָרן אַ גרויסער הונגער. און  י ה ו ר ם, דער קעניג פון  י ש ר א ל, איז אײַנמאָל געגאַנגען אויף דער מויער פון שטאָט. איז צו אים צוגע־קומען אַ פרוי און האָט אויסגערופן: „העלף מיר, קעניג!" האָט איר דער קעניג געזאָגט: „פון וואַנען זאָל איך דיר העלפן? איך האָב דען ברויט, צי ווײַן? נאָר וואָס איז דיר געשען"? האָט די פרוי געזאָגט: „אָט די אַנדערע פרוי און איך האָבן נעכטן אָפּגערעדט אַזוי: הײַנט וועלן מיר אויפעסן מײַן זון און מאָרגן איר זון. האָבן מיר גענומען מײַן זון און אים אָפּגעקאָכט און אויפגעגעסן. און אויף מאָרגן האָב איך איר געזאָגט: איצט גיב דײַן זון, וועלן מיר אים אויפעסן. האָט זי גענומען איר זון, האָט אים באַהאַלטן און גיט אים ניט".

ווען  י ה ו ר ם  האָט דאָס דערהערט, האָט ער צעריסן אויף זיך די קליידער און אָנגעטאָן אַ זאַק און געזאָגט: „אויב  א ל י ש ע  זעט, וואָס דאָ קומט פאָר, און טוט גאָרניט דאָס צו פאַרמײַדן, שווער איך, אויב עס וועט בײַ אים זײַן קאָפּ בלײַבן אויף די פּלייצעס". און ער האָט אַוועקגעשיקט זײַנעם אַ  ש ל י ח  צו  א ל י ש ע'ן, פרעגן, צי ער וועט עפּעס טאָן. און  א ל י ש ע  איז געזעסן אַרומגערינגלט פון די עלטסטע פון  י ש ר א ל, ווען דער  ש ל י ח  איז אָנגעקומען. האָט  א ל י ש ע  געזאָגט די עלטסטע: „דאָס שיקט  א ו ו ד א י  דער קעניג נאָך מײַן קאָפּ". און ער האָט געזאָגט צום  ש ל י ח: „גיי, זאָג אים: מאָרגן וועט מען בײַ די טויערן פון  ש ו מ ר ו ן  קאָנען קויפן אַ מאָס זעמל-מעל פאַר אַ טאַלער און צוויי מאָס גערשטן-מעל פאַר אַ טאַלער". האָט דער  ש ל י ח  געזאָגט: „א ו ו ד א י! דאָס וועלן ווערן פענסטער אין הימל און עס וועט אַראָפּפאַלן פון דאָרטן". האָט  א ל י ש ע  געזאָגט: „דו וועסט דאָס מאָרגן אַליין זען, נאָר געניסען דערפון וועסטו ניט".

און בײַם טויער פון שטאָט זײַנען געזעסן פיר קרעציקע מענשן. האָבן זיי געזאָגט: „צו וואָס זאָלן מיר דאָ זיצן? וועלן מיר גיין אין שטאָט, וועלן מיר דאָרטן שטאַרבן פון הונגער; און וועלן מיר בלײַבן זיצן דאָ, וועלן מיר אויך שטאַרבן פון הונגער. טאָ לאָמיר בעסער גיין אין דער  מ ח נ ה  פון אונזערע פײַנט: — וועלן זיי אונז לאָזן לעבן, איז גוט; און וועלן זיי אונז טייטן, האָבן מיר דאָך סײַ ווי ניט

וואָס אָנצואוווערן". האָבן זיי זיך אויפגעהויבן און אַוועק צו דעם לאַגער פון אַ ר ם.

ווען זיי זײַנען אַהין צוגעקומען האָבן זיי דערזען, אַז דאָרט איז שטיל, און קיין מענש איז דאָרט ניטאָ. דאָרט האָט מיט אַ נאַכט פריער אויסגעבראָכן אַ שטורעם; האָט זיך געדאַכט דעם אַ ר מ'ישן ח י ל, אַז זיי הערן אַ גרויסן טומל פון פערד און רײַטוועגן און פון אַ גרויסן ח י ל. האָבן זיי געזאָגט איינער צום אַנדערן: „דאָס האָט דער קעניג פון י ש ר א ל געוווּס געדונגען דעם קעניג פון מ צ ר י ם, ער זאָל אויף אונז אָנפאַלן". האָבן זיי זיך דערשראָקן, זיך אויפגעהויבן בײַנאַכט און זײַנען אַנטלאָפן געוואָרן. און זיי האָבן איבערגעלאָזן זייערע געצעלטן, זייערע פערד און אייזלען, און דעם גאַנצן לאַגער און אַלץ וואָס אין אים.

זײַנען די פיר קרעציקע אַרײַן אין לאַגער, זיי האָבן זיך אָנגעגעסן און אָנגעטרונקען, נאָכדעם זײַנען זיי געגאַנגען פון געצעלט צו געצעלט, גענומען גאָלד, זילבער און קליידער און זײַנען אַוועק פון דאָרטן. און איינער האָט געזאָגט צום אַנדערן: „מיר דוכט, מיר טוען ניט גוט. מיר וואָלטן געדאַרפט גיין און אָנזאָגן וועגן דעם אין שטאָט. ווען מיר וועלן דאָס ניט טאָן, וועלן מיר זיך פאַרזינדיקן".

זײַנען זיי צוריקגעגאַנגען צום טויער פון שטאָט און געזאָגט דעם וועכטער: „מיר זײַנען געווען בײַ דעם לאַגער פון אַ ר ם. איז דאָרט קיין מענש ניטאָ. און די פערד און די אייזלען שטייען צוגעבונדן בײַ די געצעלטן, און דער גאַנצער לאַגער איז געבליבן ווי געווען". האָבן די וועכטער איבערגעגעבן וועגן דעם דעם קעניג.

האָט דער קעניג געזאָגט: „איך וועל אײַך זאָגן, וואָס אַ ר ם האָט געטאָן: זיי ווייסן דאָך, אַז מיר זײַנען הונגעריק; זײַנען זיי אַרויס פון לאַגער און באַהאַלטן זיך אין פעלד, ווײַל זיי דענקען, אַז ווען מיר וועלן אַרויס פון שטאָט, וועלן זיי אונז כאַפּן".

האָט איינער פון די דינער געזאָגט צום קעניג: „לאָמיר נעמען אַ פּאָר פון די פאַרבליבענע פערד און אַוועקשיקן אַ פּאָר רײַטערס צום לאַגער פון אַ ר ם און זען". האָט דער קעניג אַזוי געטאָן. ער האָט געשיקט צוויי רײַטער און זיי געהייסן גיין אין דעם לאַגער פון אַ ר ם און זען, וואָס דאָרט איז.

זײַנען די רײַטער געקומען אין לאַגער און האָבן דאָרטן קיינעם ניט געפונען. זײַנען זיי געריטן ביז'ן י ר ד ן און האָבן קיין

אראמייִער אויפ'ן וועג ניט געטראפן. און דער גאנצער וועג איז געווען פארווארפן מיט קליידער און מיט געווער וואס די אראמייִער האבן אין גרוים איילעניש אוועקגעווארפן אויפ'ן וועג. זיינען די רייטער צוריק געקומען און האבן דערציילט דעם קעניג. איז דאס פאלק ארוים פון שטאט און צערויבט דעם לאגער. איז אין ש ו מ ר ו ן געווארן ביליק ברויט. מען האט געקאנט קויפן פאר א טאלער א מאס זעמל־מעל און צוויי מאס גערשטן־מעל.

און דעם באאמטן, וועמען א ל י ש ע האט געזאגט, אז ער וועט אליין זען, ווי אלץ וועט זיין ביליק, נאר ער וועט דערפון ניט געניסן, האט דער קעניג באשטימט פאר אן אויפפאסער ביים טויער, ער זאל היטן ארדענונג. האט דאס פאלק, אין איילעניש, לויפנדיק דורכ'ן טויער, אים אומגעווארפן און צעטראטן אויף טויט.

## 12. י ה ו א'ס (יעהוס) אויפשטאנד.

און א ל י ש ע האט גערופן איינעם פון די יונגע נ ב י א י ם און אים געזאגט: „נעם א קריגל בוימל און גיי אין ר מ ת ־ ג ל ע ד (ראמאס־גילאד). אז דו וועסט קומען אהין, וועסטו דארטן טרעפן דעם קריגס־האר י ה ו א'ן. זאלסטו אים ארויסרופן פון צווישן זיינע ברידער, אריינברענגען אים אין א באזונדער צימער, ארויפגיסן אים אויפ'ן קאפ דאס קריגל בוימל און אים זאגן, אז ער איז געזאלבט פאר קעניג פון י ש ר א ל. נאכדעם זאלסטו אויפעפענען די טיר און אנטלויפן פון דארט".

איז דער יונגער נ ב י א אוועק אין ר מ ת ־ ג ל ע ד און האט דארט געטראפן י ה ו א'ן צוזאמען מיט אנדערע קריגס־הארן זיצן און שמועסן. האט ער געזאגט: „מיין האר, איך דארף דיר עפעס זאגן". האט י ה ו א זיך אפגערופן: „וועמען פון אונז דארפסטו"? האט דער נ ב י א געזאגט: „טאקע דיך, האר"! איז י ה ו א אויפגעשטאנען, און זיי זיינען אריין אין הויז. האט דער נ ב י א ארויפגעגאסן י ה ו א'ן אויפ'ן קאפ דאס בוימל און האט געזאגט: „דערמיט ווערסטו געזאלבט פאר קעניג פון י ש ר א ל. און דו זאלסט אויסראטן דאס גאנצע הויז־געזינד פון א ח א ב'ן און דערמיט נ ק מ ה נעמען פאר דעם בלוט פון די נ ב י א י ם און פאר דעם בלוט פון אנדערע מענשן, וואס א י ז ב ל האט פארגאסן".

אפגערעדט, געעפנט די טיר און אנטלאפן.

ווען י ה ו א איז אַרויס צו די אַנדערע קריגס-פירער, האָבן יענע אים געפרעגט: „וואָס עפּעס נייעס, י ה ו א? אויף וואָס האָט דיך אָט דער מ ש ו ג ע'נער געדאַרפט"? האָט י ה ו א געענט־פערט: „איר ווייסט דאָך: וואָס פאַר אַ מענש, אַזעלכע רייד". האָבן זיי געזאָגט: „דו זאָגסט אונז ניט דעם א מ ת. זאָג, צוליב וואָס איז ער געקומען". האָט זיי י ה ו א געזאָגט: „ער האָט מיך געזאַלבט פאַר קעניג פון י ש ר א ל". זיינען אַלע אויפגעשטאַנען, גענומען זייערע מאַנטלען, צונויפגעלייגט זיי, אַרויפגעזעצט אויף דעם י ה ו א'ן, געבלאָזן אין ש ו פ ר און אויסגערופן: „זאָל לעבן י ה ו א דער קעניג"!

און י ה ו א האָט געמאַכט אַ בונט קעגן י ה ו ר ם, דעם קעניג פון י ש ר אל. און ער האָט געזאָגט צו אַלע די, וואָס זיינען געווען מיט אים: „איך וועל אייך בעטן, קיינער זאָל ניט גיין אָנזאָגן וועגן דער גאַנצער זאַך דעם קעניג פון י ש ר א ל". און י ה ו ר ם האָט דעמאָלט פאַרבראַכט אין דער שטאָט י ז ר ע א ל (איזרעעל). ער האָט זיך דאָרט געהיילט פון די וואונדן, וואָס ער האָט באַקומען אין דער מ ל ח מ ה מיט אַ ר ם. איז י ה ו א אַוועק קיין י ז ר ע א ל. און אויף דעם טורעם פון דער שטאָט איז געשטאַנען אַ וועכטער. האָט ער דערזען די גאַנצע מ ח נ ה י ה ו א'ס. האָט ער וועגן דעם איבערגעגעבן דעם קעניג. האָט דער קעניג געהייסן שיקן אַ רייטער און אויסגעפינען וואָס דאָס איז. איז דער רייטער געקומען צו י ה ו א'ן און אים געפרעגט: „איז עס פרידן"? האָט אים י ה ו א געזאָגט: „וואָס איז דיין זאַך — פרידן, צי ניט פרידן? גיי, בלייב דאָ". האָט דער וועכטער אויפ'ן טורעם איבערגעגעבן, אַז דער רייטער איז צוגעקומען צו דער מ ח נ ה און האָט זיך ניט צוריקגעקערט. האָט דער קעניג געהייסן שיקן אַ צווייטן רייטער. האָט י ה ו א אויך דעם געהייסן בלייבן. האָט דער קעניג געהייסן שפּאַנען זיין רייטוואָגן און איז אַליין אַוועקגעפאָרן אַנטקעגן י ה ו א'ן. האָט ער אים געטראָפן אין דעם גאָרטן פון נ ב ו ת'ן. ווען ער האָט דערזען י ה ו א'ן, האָט ער אים געפרעגט: „איז פרידן, י ה ו א"? האָט אים י ה ו א געענטפערט: „פאַרוואָס זאָלסטו האָבן פרידן? פאַר די מ י א ו ס'ע מ ע ש י ם פון דיין מוטער א י ז ב ל"?

ווי י ה ו ר ם האָט דאָס דערהערט, האָט ער אויסגעקירעוועט זיין רייטוואָגן און איז אַנטלאָפן. האָט י ה ו א אָנגעצויגן זיין בויגן און אויסגעשאָסן אין י ה ו ר ם'ען. האָט די פייל געטראָפן

י ה ו ר מ'ען גלײַך אין האַרצן אַרײַן, און ער איז אויף זײַן רײַטוואָגן געשטאָרבן. האָט י ה ו א געהײסן אַרויפוואַרפן י ה ו ר מ'ס קערפּער אויף נ ב ו ת'עס פּלאַץ, אויף דעם זעלבן אָרט, וואו אַ ח אָ ב האָט געלאָזט פאַרשטײנגען נ ב ו ת'ן, און הינט האָבן געלעקט זײַן בלוט.

און בײַ י ה ו ר מ'ען איז געווען צוגאַסט אַ ח ז י ה (אַכאַזיאַ), דער קעניג פון י ה ו ד ה, וואָס זײַן מוטער ע ת ל י ה (אַסאַליאַ) איז געווען אַ ח אָ ב'ס אַ שוועסטער. ווען י ה ו ר ם איז דערשאָסן געוואָרן, איז אַ ח ז י ה אַנטלאָפן. אָבער י ה ו א האָט אים נאָכגעיאָגט און געטויט.

## 13. י ה ו א פאַרפעסטיקט זײַן קעניגרײַך.

און אין אַ ח אָ ב'ס מ ש פ ח ה זײַנען געווען זיבעציק מענער אין ש ו מ ר ו ן. האָט י ה ו א אָנגעשריבן בריוו צו די האַרן פון ש ו מ ר ו ן, צו די עלטסטע און די ערציער פון אַ ח אָ ב'ס קינדער, און געשריבן האָט ער זײ אַזוי: ווען איר וועט באַקומען דעם בריוו, זאָלט איר נעמען אײנעם פון אײַער האַרס קינדער און מאַכן אים פאַר קעניג. איר האָט דאָך דאָרטן מיט אײַך דעם קעניגס אַלע קינדער און די רײַטוועגן און די פערד, און אַ פעסטע שטאָט און געווער. גרײט זיך צו און קומט אַרויס אויף מ ל ח מ ה קעגן מיר. און אויב איר ווילט אַריבערגײן צו מיר, טײט די קינדער פון דער קעניגלאַכער מ ש פ ח ה און ברענגט זײ מאָרגן צו מיר.

האָבן זיך די האַרן פון ש ו מ ר ו ן דערשראָקן און געטראַכט: ווי וועלן מיר בײַשטײן קעגן י ה ו א'ן, אַז דער קעניג י ה ו ר ם אַלײן איז ניט בײַגעשטאַנען קעגן אים. האָבן זײ גענומען און אויס־געה'ר ג'עט די גאַנצע מ ש פ ח ה אַ ח אָ ב'ס, האָבן אָנגעלײגט זײערע קעפ אין קעסלען און אַוועקגעשיקט צו י ה ו א'ן. האָט י ה ו א באַפעסטיקט די מלוכה פאַר זיך.

נאָכדעם האָט י ה ו א צונויפגעקליבן דאָס פאָלק און זײ געזאָגט: „אַ ח אָ ב האָט נאָר אַ ביסל געדינט דעם ב ע ל, י ה ו א וועט אים דינען אַ סך". און ער האָט באַשטימט אַ גרויסן י ו ם־ט ו ב פאַר'ן ב ע ל און געהײסן אויסשליסן פון דער פאַרזאַמלונג אַלע די, וואָס דינען יאַהאַווען און איבערגעלאָזן בלויז די אָנהענגער פון ב ע ל. און אין דרויסן האָט י ה ו א צוגעגרײט

אכציק מענשן און האָט זיי אָנגעזאָגט: „ווען די כ ו ה נ י ם פון ב ע ל וועלן ברענגען זייערע ק ר ב נ ו ת, זאָלט איר אָנפאַלן אויף זיי און זיי אַלעמען אויס ה ר ג'ענען, קיין איינעם פון זיי זאָלט איר ניט איבערלאָזן". האָבן זיי אַזוי געטאָן. און י ה ו א האָט אויסגעראָטען דעם ב ע ל און די דינער פון ב ע ל פון צווישן י ש ר א ל.

## 14. י ו א ָ ש (יואָש) ווערט קעניג פון י ה ו ד ה.

נאָך דער צעשפּאַלטונג פון דער מ ל ו כ ה, האָבן אין י ה ו ד ה געקיניגט מ ל כ י ם (מלאָכים) פון ד ו ד'ס הויז. צווערשט זיינען זיי געווען זייער פריינטלאך צו י ש ר א ל. אָבער אין א ח א ָ ב'ס צייטן האָבן זיי זיך דערנענטערט. און י ה ו ש פ ט, דער קעניג פון י ה ו ד ה, האָט צוזאַמען מיט א ח א ָ ב'ן געפירט א מ ל ח מ ה קעגן א ר ם. נאָך י ה ו ש פ ט'ען איז געוואָרן קעניג אין י ה ו ד ה זיין זון א ח ז י ה, וואָס איז שפּעטער דער'ה ר ג'עט געוואָרן פון י ה ו א'ן צוזאַמען מיט י ה ו ר מ'ען, א ח א ָ ב'ס זון.

ווען ע ת ל י ה (אַסאַליאַ), א ח ז י ה'ס מוטער, און א ח א ָ ב'ס א שוועסטער, האָט דערזען, אַז איר זון א ח ז י ה איז טויט, האָט זי אויסגע' ה ר ג'עט אַלע מיטגלידער פון קעניגלאַכן הויף און איז אַליין געוואָרן קעניגין אין י ה ו ד ה. דעמאָלט האָט י ה ו ש ב ע (יעהוישעוואַ), א ח ז י ה'ס שוועסטער, אַרויסגעכאַפּט פון צווישן די קעניגלאַכע זין דעם אינגסטן, א זויג-קינד, י ו א ש האָט ער געהייסן, אים מיט זיין אַם, און האָט זיי אויסבאַהאַלטן. און ע ת ל י ה האָט אים ניט דער'ה רג'עט. און י ו א ָ ש האָט זיך געהאָדעוועט אין געהיים ביי זיין פעטער י ה ו י ד ע (יעהויאַדאַ), דעם הויפּט-כ ו ה ן פון טעמפּל, זעקס יאָר צייט.

און אויפ'ן זיבעטן יאָר האָט י ה ו י ד ע גערופן צו זיך אין טעמפּל די הויפּט-לייט פון דער וואַך, האָט זיי געוויזן דעם יונגן פּרינץ און געמאַכט מיט זיי א בונד — זיי זאָלן אים, דעם יונגן י ו א ָ ש'ן, זאַלבן פאַר א קעניג און באַשיצן פון יעדער געפאַר.

און זיי האָבן אָפּגערעדט, אַז ש ב ת, ווען עס בייט זיך די וואַך, זאָל ניט נאָר די נייע וואַך, וואָס קומט, נאָר אויך די אַלטע, וואָס דאַרף אָוועק, פאַרבלייבן אין טעמפּל. אַלע וואַכלייט זאָלן קומען פול-באַוואָפנט, און זיי זאָלן זיך אַלע פאַרזאַמלען אַרום דעם נייעם קעניג. און ווער עס וועט קומען אין טעמפּל אַלס ש ו נ א, זאָל

געטויט ווערן. האָבן זײַ אַזוי געטאָן. און י ה ו י ד ע האָט זײַ אַרויסגעגעבן די שווערדן און פּאַנצירן, וואָס זײַנען געלעגן אין טעמפּל נאָך פון ד ו ד'ס צײַטן, און זײַ האָבן זיך אויסגעשטעלט אין צווײַ רײַען.

און מ'האָט געבראַכט דעם קלײנעם י ו אָ ש'ן, אים אָנגעטאָן די קרוין, געגעבן אין האַנט דאָס געזעצבוך און אים געזאַלבט און געמאַכט פאַר קעניג איבער י ה ו ד ה. און אַלע האָבן געפּאַטשט מיט די הענט און געשריען: „זאָל לעבן דער קעניג!"



י ו אָ ש ווערט געזאַלבט פאַר קעניג

האָט ע ת ל י ה דערהערט דעם טומל בײַ זיך אין פּאַלאַץ. איז זי אויף שנעל אַוועק אין טעמפּל — זען, וואָס דאָס באַטײַט. האָט זי דערזען, ווי דער קלײנער י ו אָ ש שטייט אויף אַ הויכן פּלאַץ מיט דער קרוין אויפ'ן קאָפּ, און די וואַך און דאָס פאָלק שטייט אַרום אים, און אַלע פרייען זיך און בלאָזן אין פּײַפלאַך. האָט זי אויסגעשריען: „אַ, אַ בונט, אַ בונט!", און צעריסן די קלײדער אויף זיך.

האָט י ה ו י ד ע, דער כ ו ה ן, געהייסן אַרויספירן זי פון טעמפּל, ווייל ער האָט ניט געוואָלט, עס זאָל דאָרט פאַרגאָסן ווערן בלוט. האָט מען זי אַרויסגעפירט, און ווען זי איז געקומען אין קעניגלאַכן פּאַלאַץ, האָט מען זי דאָרט געטויט. און י ו אָ ש'ן האָט מען אַרייַנגעפירט אין פּאַלאַץ און אַוועקגעזעצט אויפ'ן קעניגלאַכן טראָן. און מען האָט געביטן זייַן נאָמען פון י ו אָ ש אויף י ה ו אָ ש, און זייַן פעטער י ה ו י ד ע איז געוואָרן דער פירער פון דער מ ל ו כ ה, ביז י ה ו אָ ש וועט ווערן פוליעריק.

און י ה ו י ד ע האָט געהייסן אַרויסנעמען די ב ע ל-סטאַטוע און זי צעבראָכן, און די אַלע בילדער פון ב ע ל און זייַנע מ ז ב ח ו ת (מיזבייכעס) האָט מען צעשטערט, און זייַן כ ו ה ן דער'ה ר ג'עט. און דאָס פאָלק איז געווען צופרידן, און דאָס לאַנד האָט זיך באַרואיקט.

ווען י ה ו אָ ש איז עלטער געוואָרן, האָט ער אַליין איבערגע-נומען די פירונג פון דער מ ל ו כ ה. אין זייַנע צייַטן איז דער טעמפּל, וואָס ש ל מ ה האָט אויפגעבויט, שוין געוואָרן אין ערטער צעשפּאָלטן, און מ'האָט אים באַדאַרפט פאַררעכטן. האָט י ה ו אָ ש גערופן צו זיך י ה ו י ד ע'ן און די אַנדערע כ ו ה נ י ם און זיי געהייסן, זיי זאָלן פון דעם טאָג אָן און ווייַטער ניט נעמען קיין געלט-מ ת נ ו ת פאַר זיך פון די, וואָס קומען אין טעמפּל, נאָר זיי זאָלן אָפּגעבן דאָס געלט אויף פאַרריכטן דעם טעמפּל.

האָבן די כ ו ה נ י ם אַוועקגעשטעלט בײַם אַרייַנגאַנג פון טעמפּל אַ גרויסן קאַסטן, און אויבן האָבן זיי אויסגעבויערט אַ לאָך, און ווער עס פלעגט קומען און ברענגען אַ געלט- מ ת נ ה, פלעגט ער עס אַרייַנוואַרפן אין קאַסטן. און ווען דער קאַסטן איז פול גע-וואָרן מיט געלט, איז געקומען דעם קעניגס א ו צ ר ו ת-האַלטער, און צוזאַמען מיט'ן הויפּט- כ ו ה ן האָבן זיי איבערגעציילט דאָס געלט. און זיי האָבן געדונגען ב ע ל-מ ל א כ ו ת (באַלמעלאָכעס) אין האָלץ און אין שטיין, און יענע האָבן פאַרריכט דעם טעמפּל. און מ'האָט זיי באַצאָלט פונ'ם געלט, וואָס ס'האָט זיך אָנגעקליבן אין קאַסטן.

אין יה ו אָ ש'עס צייַטן איז געקומען אויף י ה ו ד ה ח ז א ל (כאַזאָעל), דער קעניג פון אָ ר ם. ער האָט אייַנגענומען די שטאָט ג ת (גאַס) און זיך געלאָזט גיין אויף י ר ו ש ל י ם. האָט זיך י ה ו אָ ש דערשראָקן. האָט ער גענומען די זילבערנע און גאָלדענע

כ ל י ם פון טעמפל און זײַ געשיקט צו ח ז א ל'ן אויסקויף־געלט. האָט ח ז א ל צוגענומען דאָס זילבער מיט'ן גאָלד און איז אַוועק פון י ר ו ש ל י ם.

און י ה ו אָ ש האָט געקיניגט אין י ר ו ש ל י ם פערציק יאָר. און צום ס ו ף פון פערציקסטן יאָר זײַנען צוויי דינער זײַנע אויף אים געוואָרן אין כ ע ס און אים דער'ה ר ג'עט. איז געוואָרן קעניג איבער י ה ו ד ה זײַן זון אַ מ צ י ה (אַמאַציאַ).

## 15. אַ מ צ י ה.

ווען אַ מ צ י ה האָט זיך פאַרפעסטיקט אויפ'ן טראָן, האָט ער געפירט אַ מ ל ח מ ה מיט די אײַנוואוינער פון א ד ו ם (עדוים) און זײַ צעשלאָגן. דעמאָלט האָט ער געשיקט ש ל ו ח י ם צו י ה ו א ש'ן, י ה ו א'ס אייניקל, דעם קעניג פון י ש ר א ל, און אים געזאָגט: „איך וויל זיך פאַרמעסטן כ ו ח ו ת מיט דיר". האָט אים י ה ו אָ ש געלאָזט ענטפערן: „אַמאָל האָט דער דאָרנבוים געשיקט צום טענענבוים, וואָס אויפ'ן ל ב נ ו ן (לעוואָנען), און געבעטן, יענער זאָל געבן זײַן טאָכטער פאַר אַ ווײַב צום זון פונ'ם דאָרנבוים. דערווײַל זײַנען די ח י ו ת פון ל ב נ ו ן פאַרבײַ־געגאַנגען און צעטראָטן דעם דאָרנבוים. אַזוי איז מיט דיר: דו האָסט צעשלאָגן דאָס קלײנע א ד ו ם־לאַנד, ביסטו שוין געוואָרן האָפערדיק בײַ זיך. זיץ בעסער אין דערהיים און ברענג ניט קײן אומגליק אויף זיך אויף דעם פאָלק י ה ו ד ה".

האָט אַ מ צ י ה ניט געפאָלגט און איז אַרויסגעטראָטן אין קריג קעגן דעם קעניג פון י ש ר א ל. איז דער לעצטער אין דער שפיץ פון זײַן אַרמײַ אַרויס באַגעגענען אַ מ צ י ה'ן. ווען זײַ האָבן זיך צונויפגעטראָפן, זײַנען די מענשען פון י ה ו ד ה צעשלאָגן געוואָרן און אַנטלאָפן, און י ה ו אָ ש, דער קעניג פון י ש ר א ל, האָט גענומען געפאַנגען אַ מ צ י ה'ן און איז אַליין מיט זײַן אַרמײַ געקומען ביז י ר ו ש ל י ם. ער האָט צעבראָכן אַ טייל פון די ווענט אַרום י ר ו ש ל י ם, האָט צוגענומען דאָס גאַנצע גאָלד און זילבער, וואָס איז געווען אין טעמפל און אין די א ו צ ר ו ת פונ'ם קעניג, האָט נאָך מיטגענומען מיט זיך מענשלאַכע מ ש כ נ ו ת (מאַשקאָנעס), און איז אַוועק אין ש ו מ ר ו ן.

## 16. י ר ב ע ם דער צווייטער.

י ה ו אָ ש׳עס זון, י ר ב ע ם דער צווייטער, איז געווען איינער פון די שטאַרקסטע קעניגן פון י ש ר א ל. ער האָט צע־שלאָגן אַ ר ם און אָפּגענומען ביי זיי די אַלע שטעט, וואָס האָבן אַמאָל באַלאַנגט צו י ש ר א ל. און אַ פּ י לו די גרויסע, אַלטע שטאָט ד מ ש ק האָט ער פאַרייניקט מיט י ש ר א ל.

אין זיין צייט זיינען די האַנדלס־קאַראַוואַנען צווישן ב ב ל און מ צ ר י ם דורכגעגאַנגען דורך י ש ר א ל, און אַ ס ך איינוואוינער פון י ש ר א ל האָבן אָנגעהויבן האַנדלען און זיינען רייך געוואָרן. און דער קעניג האָט אַרויפגעלייגט הויכע שטייערן אויפ׳ן פאָלק און האָט געצאָלט הויכע געהאַלטן צו די פאַרשידענע באַאַמטע פון דער מ ל ו כ ה.

און די רייכע לייט האָבן אָנגעהויבן לעבן אין לוקסוס. זיי האָבן געגעסן טייערע מ אַ כ ל י ם, געטרונקען די בעסטע וויינען, געבויט זיך שיינע הייזער און זיך אָנגעטאָן אין די פיינסטע קליידער. און דעם פּ ש ו ט׳ן פאָלק האָבן זיי פאַר׳ מ י א ו ס׳ט און אונטערדריקט.

די אָרימע פויערים פלעגן ביי די רייכע לייט אָפטמאָל לייען געלט צו האָבן מיט וואָס צו צאָלן שטייערן. און ווען זיי פלעגן ניט האָבן מיט וואָס צו באַצאָלן, פלעגט מען ביי זיי אָפּנעמען די פעלדער, און אַמאָל אַ פּ י ל ו צונעמען זייערע זין פאַר קנעכט און זייערע טעכטער פאַר דינסטן.

## 17. ע מ ו ס (אָמוס).

דעמאָלט איז געקומען אַ נ ב י א פון יאַהאַווען, ע מ ו ס האָט ער געהייסן, און אויסגעגאָסן זיין גאַנצן צאָרן אויף די רייכע ליידיקגייער און אונטערדריקער. אַליין אַ פּאַסטוך און אַ טריקענער פון פייגן, איז ער געקומען פון י ה ו ד ה און זיך צו־געקוקט, ווי אָרים און עלנט עס לעבן די פויערים אין י ש ר א ל, און ווי רייך און לוקסוסדיק עס לעבן די הענדלער און די הויכע באַאַמטע. האָט אים אָנגעכאַפּט ביים האַרצן און ער האָט נ ב י א ו ת (נעוויעס) געזאָגט אויף זיי אַזוי: „הערט צו דאָס וואָרט פון יאַהווען, איר קי פון ב ש ן (באָשאָן), וואָס אויפ׳ן באַרג ש ו מ ר ו ן,

וואָס באַרויבן די אָרימע און צעדריקן די אומפּאַרמעגלאַכע; די וואָס האַלטן אין איין זאָגן זייערע מענער: „ברענגט, און מיר וועלן טרינקען!" יאַהאַווע מיין האַר האָט געשוואָרן, אַז עס וועלן אָנקומען שווערע טעג אויף אייך. מ'וועט אייך אַוועקפירן אין שיפן און די לעצטע פון אייך — אין שיפלאַך, און מ'וועט אייך פאַרקויפן אין פרעמדע לענדער".

און אַ צווייט מאָל האָט ער געזאָגט:

„איר גייט אין דער שטאָט בית-אל (בייסעל) און זינדיקט, אין גלגל (גילגאָל) — און טוט שלעכטס. און אויף מאָרגן ברענגט איר אייערע קרבנות און מיינט, אַז איר ווערט ריין. איך וועל דערפאַר, זאָגט יאַהווע, ברענגען הונגער אויף אייך און ס'וועט אייך אויספעלן ברויט אין אַלע אייערע ערטער. איך וועל ניט לאָזן רעגענען דריי חדשים (כאַדאָשים) פאַר'ן שניידן, און עס וועלן גיין צוויי דריי שטעט אין איינער טרינקען וואַסער, און זיי וועלן ניט שטילן זייער דאָרשט".

און איינמאָל איז עמוס געקומען אין בית-אל אין דער צייט, ווען ישראל האָט דאָרט געפּייערט דעם פּריילאַכן הערבסט-יום-טוב. דאָס מאָל האָט מען געפּראַוועט דעם יום-טוב נאָך פּייערלאַכער, ווי אַלעמאָל, ווייל ישראל האָט ניט לאַנג געהאַט אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן זיג איבער ארם. און דער לוקסוס פון די רייכע האָט זיך מער ווי אַלע מאָל געוואָרפן אין די אויגן.

אין מיטן פון די פּייערלאַכע צערעמאָניעס און פון פּריילאַכן געטומל האָט זיך דערהערט די שטימע פון עמוס'ן, וואָס האָט נאָך געטראָגן זיין פּאַסטוך-שטעקן אין האַנט. ער האָט מיט אַן אומעטיקן קול גערעדט: „אַזוי האָט מיר יאַהווע געזאָגט: איך וועל אָפּמעסטן און אָפּמעקן מיין פאָלק ישראל. איך וועל אים ניט מוחל זיין. עס וועלן וויסט ווערן די במות (באָמעס) און צעשטערט ווערן די הייליקע פּלעצער פון ישראל. און אויף דעם הויז פון ירבעם'ען וועל איך זיך אויפהייבן מיט'ן שווערד".

דעם כוהן פון בית-אל זיינען די דאָזיקע רייד ניט געפעלן געוואָרן, און ער האָט געשיקט זאָגן דעם קעניג ירבעם, אַז עמוס בונטעוועט קעגן אים, אַז דאָס לאַנד קאָן שוין ניט פאַרטראָגן עמוס'עס רייד.

און ע מ ו ס'ן אַליין האָט ער געזאָגט: „גיי צוריק אין י ה ו ד ה. דאָרטן עס דיין ברויט און דאָרטן זאָג נ ב י א ו ת. אָבער אין ב י ת - א ל קום נישט מער נ ב י א ו ת זאָגן, ווייל דאָ איז דער קעניגלאַכער טעמפּל".

אויף דעם האָט אים ע מ ו ס געענטפערט: „איך בין ניט קיין נ ב י א און ניט קיין זון פון אַ נ ב י א. איך בין בלויז אַ פּאַסטוך און אַ טריקענער פון פייגן. נאָר יאַהווע האָט מיך גענו־מען פון הינטער די שעפּסן און געהייסן גיין נ ב י א ו ת זאָגן אויף דעם פאָלק י ש ר א ל.

„און איצט הערט צו, איר! די וואָס ווילן איינשלינגען דעם אָרי־מאַן און צעשטערן די נויטבאַדערפטיקע אין לאַנד; די, וואָס פאַר־קלענערן די מאָס און פאַרגרעסערן דעם ש ק ל און גיבן פאַלשע וואָג; די, וואָס זיינען גרייט צו פאַרקויפן דעם אָרימאַן פאַר געלט און דעם נויטבאַדערפטיקן פאַר אַ פאָר שיך! יאַהווע שווערט, אויב ער וועט אייביק פאַרגעסן אייערע מ ע ש י ם. צי דאַרף פאַר אַזעלכע אויפפירונגען ניט אויפציטערן דאָס לאַנד? צי דאַרפן ניט טרויערן אַלע איינוואוינער פון לאַנד? און עס וועט טאַקע דאָס גאַנצע לאַנד פאַרברענט ווערן אויפ'ן פייער און פאַרטרונקען ווערן, ווי מ צ ר י ם דורך דעם טייך.

„און אַזוי זאָגט יאַהווע: עס וועט די זון אונטערגיין אין מיטן טאָג, און אין מיטן ליכטיקן טאָג וועט ווערן פינסטער איבער'ן לאַנד. און איך וועל פאַרוואַנדלען אייערע י מ י ם - ט ו ב י ם אין אַ טרויער און אייערע געזאַנגען אין אַ קלאָג-ליד. ביי יעדן איינעם אויף די לענדן וועט זיין אַ זאַק, און אויף יעדן קאָפּ — אויסגעגאָלט".

און דעם כ ו ה ן האָט ער געזאָגט: „דערפאַר, וואָס דו הייסט מיר, איך זאָל ניט נ ב י א ו ת זאָגן אויף דעם הויז פון יש ר א ל, זאָג איך דיר: דיינע זין און טעכטער וועלן פאַלן דורכ'ן שווערד: דיין הויז וועט מען צונעמען, און דו אַליין וועסט שטאַרבן אויף פרעמדער ערד, און י ש ר א ל וועט פאַרטריבן ווערן פון זיין לאַנד".

# י ש ר א ל פאַלט.

אין די יאָרן נאָך י ר ב ע ם דעם צווייטן, האָבן זיך געביטן אין י ש ר א ל זייער פיל קעניגן. יעדער קעניג פלעגט הערשן בלויז אַ קורצע צייט. פלעגט אויף אים אויפשטיין איינער פון זיינע דינער אָדער גענעראַלן און אים דער'הר ג'ענען און ווערן קעניג אַנשטאָט אים.

צום ס ו ף איז געוואָרן קעניג אין י ש ר א ל איינער — ה ו ש ע (הושייאַ), דער זון פון א ל ה (איילאַ). נאָך פאַר אים האָבן די קעניגן פון אַ ש ו ר אָנגעהויבן אָנפאַלן אויף י ש ר א ל. און אין זיין צייט איז ש ל מ נ א ס ר (שאַלמאַנעסער), דער קעניג פון אַ ש ו ר, געקומען אויף י ש ר א ל. האָט ה ו ש ע זיך אים אונטערגעגעבן און געגעבן מ ת נ ו ת. אָבער שפּעטער האָט דער קעניג פון אַ ש ו ר אויסגעפונען, אַז ה ו ש ע האָט געשיקט ש ל ו ח י ם צום קעניג פון מ צ ר י ם נאָך הילף, און קיין מ ת נ ו ת האָט אים ה ו ש ע דאָס יאָר אויך ניט צו-געשיקט. איז ער מיט אַ גרויסער אַרמיי געקומען אין י ש ר א ל, האָט געפאַנגען ה ו ש ע'ן און אים פאַרזעצט אין טורמע אַריין. און די שטאָט ש ו מ ר ו ן האָט ער באַלאַגערט.

נאָך דריי יאָר באַלאַגערונג האָט דער קעניג פון אַ ש ו ר איינ-גענומען ש ו מ ר ו ן. און ער האָט גענומען די איינוואוינער פון י ש ר א ל און זיי פאַרטריבן אין אַ ש ו ר און באַזעצט זיי דאָרט אין פאַרשידענע שטעט. און אויף זייער אָרט האָט ער אין אַ צייט אַרום געבראַכט איינוואוינער פון אַנדערע טיילן פון אַ ש ו ר און באַזעצט זיי אין י ש ר א ל. און זייער נאָמען איז געווען כ ו ת י ם אָדער ש ו מ ר ו נ י ם.

פון די פאַרטריבענע פון י ש ר א ל איז אַ טייל שפּעטער צוריקגעקומען און זיך באַזעצט אין י ה ו ד ה. די מערסטע פון זיי אָבער זיינען פאַרבליבן אין די ערטער, וואוהין מען האָט זיי פאַרטריבן, און האָבן זיך דאָרטן צונויפגעמישט מיט די ניט-אידישע איינוואוינער. און די אָנדענקונג וועגן זיי, ווי וועגן אידן, איז פאַרשוואונדן.

פאַר די יאָרן, וואָס י ש ר א ל איז געווען וויסט און ניט באַזעצט, האָבן זיך אין לאַנד פאַרמערט די לייבן. און ווען מ'האָט געבראַכט די נייע איינוואוינער, פלעגן די לייבן אויף זיי אָנפאַלן און

זיי צעריסן. האָבן זיך די נײַע אײַנוואוינער באַקלאָגט אויף זייער ביטערער לאַגע פאַר׳ן קעניג פון אשור. האָט זיך דער קעניג נאָכגע־פרעגט, וואָס צו טאָן. האָט מען געזאָגט דעם קעניג: „די נײַע אײַנוואוינער, וואָס דו האָסט געבראַכט אין לאַנד, ווייסן ניט די געזעצן פונ׳ם גאָט פון לאַנד, און דינען ניט צו אים. דעריבער פאַלן אויף זיי אָן די לייבן און טייטן זיי״.

האָט דער קעניג געהייסן ברענגען צוריק איינעם פון די כהנים, וואָס מ׳האָט געהאָט פאַרטריבן פון שומרון, און מ׳האָט אים באַזעצט אין בית־אל. און ער האָט געלערנט די נײַע אײַנוואוינער, ווי זיי זאָלן דינען יאַהוועך. פלעגן די נײַע אײַנוואוינער דינען יעדערער זײַן גאָט; און די פון זיי, וואָס זײַנען גע־קומען פון בבל, פלעגן אפילו פאַרברענען זייערע קינדער פאַר זייערע געטער. און אין דערזעלבער צײַט פלעגן זיי אויך דינען יאַהוועך לויט דעם, ווי דער כהן פון ישראל האָט זיי געלערנט. אַזוי־אַ זײַנען זיי געוואָרן האַלבע אידן.

## 19. חזקיהו.

אין דער צײַט, ווען מ׳האָט די אײַנוואוינער פון ישראל פאַר־טריבן אין אשור, איז אין יהודה געווען קעניג חזקיהו (כיזקיאַהו), דער זון פון אחז (אָכאַז). ער האָט זיך פעסט געהאַלטן אָן דעם קולט פון יאַהוועך, דעם גאָט פון די אידן. ער האָט צעבראָכן די בילדער פון אַלע אַנדערע געטער. און אפילו די הייליקע פלע־צער אויסער ירושלים, וואו מען פלעגט דינען צו יאַהוועך, האָט ער צעשטערט.

ער האָט אויפגעהערט צו צאָלן צינז צו אשור, ווי זײַן פאָטער אחז האָט דאָס געטאָן, און אויסגעשפּרייט די גרעניצן פון לאַנד ביז׳ן גרויסן ים.

אין פערצנטן יאָר פון חזקיהו׳ס קעניגן איז סנחריב (סאַנכערעוו), דער קעניג פון אשור, געקומען אין יהודה; ער האָט אײַנגענומען זייער פיל קלענערע און גרעסערע פעסטע שטעט און איז צוגעקומען נאָענט צו ירושלים. האָט זיך חזקיהו דערשראָקן און באַשלאָסן זיך אונטערצוגעבן; ער האָט געשיקט צום קעניג פון אשור און אים געלאָזט זאָגן: „איך האָב גע־

זינדיקט קעגן דיר. לאָז מיך אָפּ, וועל איך דיר געבן וואָס נאָר פאַר אַן אָפּצאָל דו וועסט אַרויפלייגן אויף מיר". האָט דער קעניג פון אַ ש ו ר אַרויפגעלייגט אויף ח ז ק י ה ו'ן אַן אָפּצאָל פון דריי הונדערט קיקער זילבער און דרייסיק קיקער גאָלד. האָט ח ז ק י ה ו צונויפגענומען דאָס גאַנצע זילבער און גאָלד, וואָס ער האָט געפונען אין טעמפּל און אין זיין קעניגלאַכן א ו צ ר, און עס אָפּגעשיקט צום קעניג פון אַ ש ו ר. און יענער איז אַוועק פון לאַנד.

אין אַ קורצער צייט אַרום אָבער האָט ס נ ח ר י ב געשיקט אין י ה ו ד ה אַ גרויסע אַרמיי מיט זיין קריגספירער ר ב ש ק ה (ראַווּשאַקע) אין דער שפּיץ. ר ב ש ק ה איז צוגעקומען ביז י ר ו ש ל י ם און האָט געשיקט רופן דעם קעניג ח ז ק י ה ו. זיינען צו אים אַרויס די הויפּטבאַאַמטע פון'ם קעניג, און ר ב ש ק ה האָט צו זיי געזאָגט: „גייט און גיט איבער ח ז ק י ה ו'ן די רייד פון דעם גרויסן קעניג פון אַ ש ו ר. אַזוי האָט געזאָגט דער קעניג: אויף וואָס האָפסטו? — רעדן רעדסטו וועגן פרידן און קליגסטו זיך און גרייטסטו זיך אויף מ ל ח מ ה. אויף וועמען פאַרלאָזסטו זיך? אויף דעם צעבראָכענעם שטעקן, דעם קעניג פון מ צ ר י ם, וואָס יעדערער, וואָס שפּאַרט זיך אָן אויף אים, צעשטעכט זיך די הענט? אָט וועל איך זיך מיט דיר וועטן, אַז ווען איך זאָל דיר געבן צוויי טויזנט פערד, וועסטו א פ י ל ו ניט קאָנען צושטעלן פאַר זיי קיין רייטער. און דו האָסט זיך פאַרלאָזן אויף מ צ ר י ם, זיי זאָלן דיר געבן רייטער און רייטוועגן".

האָבן די באַאַמטע פון'ם קעניג ח ז ק י ה ו געזאָגט צו ר ב ש ק ה'ן: „רעד צו אונז אַראַמיש, ווייל מיר פאַרשטייען עס. צו וואָס זאָלסטו רעדן אידיש, אַז דאָס פאָלק, וואָס אויפ'ן מויער זאָל פאַרשטיין?"

האָט זיי ר ב ש ק ה געענטפערט: „מיינט איר, אַז מיין האַר האָט מיך געשיקט בלויז צו אייער קעניג און צו אייך? ניין: ער האָט מיך טאַקע געשיקט צו אָט די מענשן אויפ'ן מויער פון שטאָט, וועמען עס וועט באַלד אויסקומען צו הונגערן צוזאַמען מיט אייך".

און ער האָט הויך אויף אַ ק ו ל גערעדט אין אידיש: „אַזוי זאָגט דער גרויסער קעניג פון אַ ש ו ר: זאָל אייך ניט איינרעדן ח ז ק י ה ו, אַז ער וועט אייך קענען ראַטעווען פון די הענט פון אַ ש ו ר. זאָל ער אייך ניט פאַרזיכערן, אַז אייער גאָט י אַ ה אַ ו ו ע

וועט ניט לאָזן זײַן שטאָט אַרײַנפאַלן אין די הענט פונ׳ם קעניג פון אַ ש ו ר. וואו זײַנען די געטער פון כאַמאָס און אַרפּאַד און ש ו מ ר ו ן? האָבן זיי דען געראַטעוועט זייערע שטעט פון מײַנע הענט? פאָלגט ניט ח ז ק י ה ו׳ן. קומט אַרויס צו מיר, און יעדערער פון אײַך וועט עסן די פּרוכט פון זײַן ווײַנגאָרטן און פון זײַן פײַגנבוים און טרינקען דאָס וואַסער פון זײַן ברונים. און שפּעטער וועל איך קומען און וועל אײַך צונעמען און באַזעצן אין אַ לאַנד, ווי אײַערס, אַ לאַנד פון קאָרן און פון ווײַן, פון בוימל און פון האָניק, און איר וועט דאָרטן לעבן".

האָט דאָס פאָלק געהערט און געשוויגן, ווײַל אַזוי האָט זיי באַפוילן דער קעניג ח ז ק י ה ו. און די באַאַמטע פונ׳ם קעניג האָבן צעריסן אויף זיך די קליידער, זיך אומגעקערט צום קעניג און אים דערציילט, וואָס ר ב ש ק ה האָט געזאָגט.

## 20. י ר ו ש ל י ם באַפרייט.

ווען ח ז ק י ה ו האָט דערהערט די רייד פון ר ב ש ק ה׳ן, האָט ער צעריסן אויף זיך די קליידער, אָנגעטאָן אַ זאַק און געשיקט זײַנע דינער צו י ש ע י ה (יעשאַיע) דעם זון פון אָמוץ דעם נ ב י א פרעגן, וואָס צו טאָן. האָט זיי י ש ע י ה געזאָגט: „גייט צו אײַער האַר, דעם קעניג, און זאָגט אים: האָב ניט קיין מ ו ר א פאַר די רייד פון די יונגען פונ׳ם קעניג פון אַ ש ו ר, וואָס זיי האָבן זיך געזידלט און געלעסטערט גאָט. אָט וועט דער קעניג פון אַ ש ו ר באַלד דערהערן אַ קלאַנג, וועט ער זיך אומקערן צו זיך אין לאַנד, און דאָרטן וועט ער אומקומען פון שווערד".

„און נאָך זאָלט איר אים זאָגן וועגן קעניג פון אשור: יאַהאַווע זאָגט: עס לאַכט זיך אויס פון דיר די פעסטונג צ י ו ן, עס שאָקלט אויף דיר מיט׳ן קאָפּ די שטאָט י ר ו ש ל י ם. וועמען האָסטו דאָס געשימפּט און געזידלט? אויף וועמען האָסטו דאָס אויפגעהויבן אַזאַ הויכן ק ו ל? דורך דײַנע ש ל ו ח י ם האָסטו דאָך יאַהאַוועון געלעסטערט. דײַן כ ע ס׳ן זיך און בייזערן זיך איז אַרײַן אין מײַנע אויערן, — זאָגט יאַהאַווע. — און דערפאַר וועל איך אויף דיר אָנטאָן אַ צוים און וועל דורכשמידן אַ רינג דורך דײַן נאָז און וועל דיך אומקערן צוריק אויף דעם וועג, אויף וועלכן דו ביסט געקומען".

„און נאָך זאָלט איר אים זאָגן: דער קעניג פון אַשור וועט ניט אַרײַנקומען אין שטאָט. ער וועט זי אַפילו ניט באַלאַגערן און ניט אַרײַנשיסן אַהין קײַן פײַל".

און אין דער מחנה פון אַשור האָט זיך פאַרשפּרייט אַ מגפה, פון וועלכער עס זײַנען אויסגעשטאָרבן טויזנטער מענשן. און סנחריב האָט נאָך דערהערט, אַז בײַ אים אין לאַנד קומען פאָר אומרוען; האָט ער זיך אויף שנעל מיט זײַן אַרמײ געלאָזט צו־ריק אין זײַן הויפּטשטאָט נינוה (נינווע). און ווען ער האָט דאָרטן אין זײַן טעמפּל געקניט פאַר זײַן גאָט, זײַנען צוויי זין זײַנע אָנגעפאַלן אויף אים און אים דער'ה'רג'עט מיט זייערע שווערדן.

און אַזוי איז יהודה ניצול געוואָרן פונ'ם שווערד פון אַשור.

## ישעיה און זיין נבואה וועגן שלום.

ישעיה איז געוועזן איינער פון די גרעסטע נביאים בײַ אידן. זײַנע נבואות, זײַנע רעדעס, צייכענען זיך אויס מיט זייער שיינער שפּראַך, פײַנע בילדער און הויכע אידייען.

אין יענער צײַט, ווען מלחמות צווישן פאָלק און פאָלק זײַנען געווען כמעט ווי אַ שטענדיקע ערשײַנונג, האָט ישעיה שוין גע'חלומ'ט וועגן אַ צײַט, ווען עס וועלן אינגאַנצן ניט זײַן קײַן מלחמות, און צווישן מענשן וועט הערשן שטענדיקער פרידן.

אין דער צײַט, ווען דער קעניג פון אַשור האָט מיט זײַנע אַרמייען פאַרפלייצט גאַנץ פאָדער־אַזיע, האָט ישעיה אַזוי נביאות געזאָגט:

„און עס וועט קומען אַ צײַט, און דער באַרג פון יאַהוועס הויז וועט זײַן העכער פון אַלע בערג; און אַלע פעלקער וועלן זיך ציען צו אים. און זיי וועלן זאָגן: „קומט, לאָמיר אַרויף צום הויז פון דעם גאָט פון די אידן, און זאָל ער אונז לערנען, און מיר וועלן גיין אין זײַנע וועגן". און זיי וועלן איבערשמידן זייערע שווערדן אויף גראָב־אײַזנס און זייערע שפּיזן אויף שנײַדמעסער; איין פאָלק וועט מער

ניט אויפהייבן קיין שווערד קעגן א צווייטן און זיי וועלן מער ניט לערנען צו גיין אין קריג". ·

און ישעיה האָט נאָך געחלומ'ט וועגן אַ צייט, ווען פרידן וועט אַנפילן דאָס לעבן ניט נאָר צווישן מענשן, נאָר אויך צווישן אַלע אַנדערע לעבעדיקע באַשעפענישן. ער האָט נביאות געזאָגט אַזוי:

„און עס וועט אַרויסשפּראָצן אַ צווייַג פונ'ם שטאָם פון ישי (אישאַי); און עס וועט אויף אים רוען דער גייסט פון קלוגשאַפט און פאַרשטאַנד, פון העלדישקייט און פון וויסן. און ער וועט אורטיילן ניט לויט דעם בלויז, ווי דאָס אויג זעט און ווי דאָס אויער הערט. ער וועט משפּט'ן מיט גערעכטיקייט, און ער וועט באַשטראָפן די שטאַרקע פון דער ערד מיט די רייד פון זיין מויל און די שלעכטע — מיט'ן גייסט פון זיינע ליפּן. און ער וועט זיין אָנגעטאָן אין גערעכטיקייט און אַרומגעגאַרטלט מיט גלויבן".

„און אַ וואָלף וועט וואוינען צוזאַמען מיט אַ שעפּס און אַ טיגער מיט אַ ציגעלע. און אַ קאַלב און אַ לייב און אַ אָקס וועלן זיין צוזאַמען, און אַ קליין אינגעלע וועט זיי פירן, און אַ קו און אַ בער וועלן זיך פיטערן צוזאַמען; צוזאַמען וועלן זיך האָדעווען זייערע קינדער, און אַ לייב וועט אַזוי ווי אַן אָקס עסן שטרוי. און אַ זויג-קינד וועט זיך שפּילן ביי דער נאָרע פון אַ ברענענדיקער שלאַנג. מ'וועט קיין שלעכטס ניט טאָן און מ'וועט ניט פאַרדאַרבן, ווייל די ערד וועט פול זיין מיט וויסן, ווי דאָס וואַסער פילט אָן דעם ים".



און אַ וואָלף וועט וואוינען צוזאַמען מיט אַ שעפּס.

## 21. מנשה.

נאָך חזקיהו׳ן איז געוואָרן קעניג פון יהודה זיין זון מנשה (מענאַשע). מנשה האָט צוריק איינגעפירט אין לאַנד געצנ־דינעריי און אַריינגעשטעלט אין דעם טעמפל סטאַטועס און מזבחות פון פאַרשידענע געטער. ער האָט אויך געטאָן אַנדערע שלעכטע און מיאוס׳ע זאַכן: ער האָט אפילו דער׳הרג׳עט זיין אייגענעם זיידן, דעם נביא ישעיה; האָט פאַרברענט זיין אייגענעם זון אין פייער אַלס קרבן צום בעל, און האָט פאַרגאָסן אַ סך אומשולדיק בלוט.

אין זיין צייט האָט דער קעניג פון אַשור געשיקט אין יהודה זיינע קריגספירער, און יענע האָבן געפאַנגען מנשה׳ן, געשמידט אים אין קייטן און אַוועקגעפירט אין בבל. און ערשט ווען מנשה האָט זיך אויסגעקויפט מיט אַ סך זילבער און גאָלד, האָט אים דער קעניג פון אַשור אָפּגעלאָזט און צוריקגעקערט קיין ירושלים.

## 22. יאשיהו (יאָשיאָהו).

מנשה׳ס אייניקל, יאשיהו איז געוואָרן קעניג אין עלטער פון אַכט יאָר. זיינע ערציער, כהנים פון דעם טעמפל אין ירושלים, האָבן אים באַקאַנט געמאַכט מיט זיין אורעלטער־זיידן, דוד׳ן, און מיט די פרומע וועגן, אויף וועלכע יענער איז געגאַנגען. און יאשיהו האָט אָנגעהויבן צו גיין אין די וועגן פונ׳ם קעניג דוד. ער האָט אָפּגעשאַפט געצנדינעריי אין ירושלים און אין גאַנצן לאַנד.

און ווען ער איז אַלט געווען זעקס און צוואַנציק יאָר, האָט ער באַשלאָסן, ווי אַמאָל דער קעניג יהואש, צו פאַרדיכטן דעם טעמפל. האָט ער געשיקט אין טעמפל צום עלטסטן כהן חלקיהו (כילקיאָהו) זיין שרייבער שפן׳ען (שאַפאַנען) און געפאָדערט פון חלקיהו׳ן, ער זאָל צונויפקלייבן דאָס געלט, וואָס מ׳ברענגט אַלס מתנות אין טעמפל, און באַנוצן דאָס צו פאַרריכטן דאָס הויז פון יאַהאַווען.

ווען שפן איז געווען אין טעמפל, האָט אים דער כהן חלקיהו געזאָגט: „אָט האָב איך אין טעמפל געפונען דאָס בוך

פון דער ת ו ר ה". — און ער האָט געגעבן ש פ נ'ען אַ בוך. האָט ש פ ן געבראַכט דאָס בוך צום קעניג און געזאָגט: „אָט האָט דער כ ו ה ן ח ל ק י ה ו מיר געגעבן אַ בוך, וואָס ער האָט געפונען אין טעמפל". האָט דער קעניג געהייסן, מ'זאָל פאַרלייענען פאַר אים דאָס בוך.

ווען ש פ ן דער שרייבער האָט געלייענט פון דעם בוך פון דער ת ו ר ה, וואָס איז — ווי עס איז געשטאַנען געשריבן אין דעם בוך — געווען אָנגעשריבן פון מ ש ה'ן, איז דער קעניג געוואָרן טרויעריק. ער האָט געזען, אַז ער, דער קעניג, און אַלע אידן לעבן ניט לויט די געזעצן פון דער ת ו ר ה און היטן ניט אָפּ אירע געבאָט.

און מ'האָט פאַר'ן קעניג ווייטער פאָרגעלייענט פונ'ם בוך. און אין איין אָרט האָט מען געפונען געשריבן אַזוי: „אַז דו וועסט ניט פאָלגן און ניט אָפּהיטן די מ צ ו ו ת און געזעצן פון דער ת ו ר ה, וועלן אויף דיר אָנקומען אַ די אַלע ק ל ל ו ת (קלאָלעס): — דו וועסט זיין פאַרשאָלטן אין שטאָט און אין פעלד; וועסט זיין פאַרשאָלטן ביים אַרויסגיין און ביים קומען. דיינע הימלען וועלן ווערן ווי קופּער, און די ערד ווי אייזן. דו וועסט באַזיגט ווערן פון דיינע פיינט; אויף איין וועג וועסטו אַרויס קעגן אים, און אויף זיבן וועגן וועסטו פון אים אַנטלויפן. דיינע זין און טעכטער וועלן צוגענומען ווערן פון אַן אַנדער פאָלק. די פּרוכט פון דיינע פעלדער און גערטנער וועלן אויפעסן פרעמדע, און דו וועסט עס צוזען און מ ש ו ג ע ווערן פון דעם, וואָס דו זעסט, און וועסט ניט קענען העלפן.

„און דו און דיין קעניג, וואָס דו וועסט באַשטימען אויף זיך, וועלן פאַרטריבן ווערן און געבראַכט ווערן צווישן אַ פאָלק, וואָס דו קענסט נישט. און דו וועסט צעשפּרייט ווערן צווישן אַלע פעלקער פון איין עק וועלט ביז'ן צווייטן, און דו וועסט ווערן צו שאַנד און צו שפּאָט צווישן די אַלע פעלקער, וואוהין דו וועסט פאַרטריבן ווערן. און דיין לעבן דאָרט וועט דיר מ י א ו ס ווערן. וועסט ציטערן ביינאַכט און ביים טאָג פאַר דיין לעבן. אין דער פרי וועסטו בעטן, עס זאָל שוין קומען די נאַכט, און ביינאַכט וועסטו בעטן, עס זאָל שוין ווערן טאָג, צוליב דיין מ ו ר א און שרעק פאַר אַלץ, וואָס דו וועסט זען".

ווען י א ש י ה ו האָט דאָס דערהערט, איז ער פאַרציטערט געוואָרן. ער האָט צעריסן אויף זיך די קליידער און געשיקט ש פ נ'ען

און דעם כ ו ה ן ח ל ק י ה ו צו ח ו ל ד ה (כולדע) דער נ ב י א ה, זיי זאָלן ביי איר פרעגן, וואָס וועט זיין מיט'ן קעניג און מיט'ן גאַנצן פאָלק.

זיינען זיי אַוועק צו דער נ ב י א ה. האָט זי זיי געזאָגט: „זאָגט דעם קעניג, וואָס האָט אייך געשיקט צו מיר: עס וועט קומען



י א ש י ה ו צערייסט אויף זיך די קליידער.

אַן אומגליק אויף אָט דעם פּלאַץ און אויף זיינע איינוואוינער, אַזוי ווי עס שטייט געשריבן אין דעם דאָזיקן בוך, ווייל איר האָט געטאָן אַלדאָס שלעכטס און געדינט צו אָפּגעטער. אָבער ווייל דאָס האַרץ פון דעם קעניג איז צעבראָכן געוואָרן, ווען ער האָט געהערט וועגן דעם,וואָס עס שטייט פאַר דעם דאָזיקן פּלאַץ און זיינע איינוואוינער, און ער האָט צעריסן זיינע קליידער און געוויינט, וועט ער מיט זיינע אויגן ניט זען דאָס אומגליק. דאָס אומגליק וועט קומען ניט אין זיינע טעג".

# 23. יאשיהו׳ס רעפאָרם.

דעמאָלט האָט דער קעניג יאשיהו צונויפגערופן אין ירושלים די עלטסטע פונ׳ם גאַנצן לאַנד. ער איז מיט זיי און מיט אַלע כהנים און נביאים און אַלע איינוואוינער פון ירושלים אַוועק אין טעמפּל. דער קעניג האָט זיך גע-



יאשיהו הייסט לייענען דאָס בוך פון געזעץ.

זעצט אויף זיין פּלאַץ און געהייסן דורכלייענען פאַר אַלעמען דאָס בוך פון געזעץ, וואָס מ׳האָט געפונען אין טעמפּל. דערנאָך האָט ער מיט אַלע פאַרזאַמלטע געמאַכט אַן אָפּמאַך אָפּצוהיטן מיט׳ן גאַנצן

הארצן די אַלע געזעצן, וואָס זײַנען פאַרשריבן אין דעם בוך. און דאָס גאַנצע פאָלק האָט צוגעשטימט צום אָפּמאַך.

דאַמאָלט האָט יאשיהו געהײסן די כּהנים אַרויס-טראָגן פון טעמפּל אַלע כּלים, וואָס מ'האָט געמאַכט פאַר'ן בעל און אַנדערע אָפּגעטער און פאַרברענען זײ אויסער דער שטאָט. ער האָט אויך געהײסן צעשטערן די אַלע הײליקע פּלעצער און מזבחות, וואו מ'האָט געדינט צו יאהאַוועז אויסער דער שטאָט ירושלים. און די כּהנים פון די הײליקע פּלעצער האָט ער באַשטימט, זײ זאָלן אונטער'ן נאָמען לוויים אַרויסהעלפן די כּהנים פון ירושלים. ער האָט אויך באַשטימט, אַז דער אײנציקער פּלאַץ, וואו מ'זאָל דינען צו יאהווען, זאָל זײַן דער טעמפּל אין ירושלים; און אַז די אײנציקע כּהנים, וואָס זאָלן מעגן טאָן די הײליקע אַרבעט אין טעמפּל, זאָלן זײַן די כּהנים פון צדוק'ס הויז.

און דער קעניג יאשיהו האָט באַפוילן אַלע אידן פון'ם לאַנד, זײ זאָלן זיך צונויפקומען אין ירושלים און פײַערן דעם יום-טוב פּסח. האָבן די אידן אַזוי געטאָן. און עס איז ניט געפײַערט געוואָרן אַזאַ שײנער און פּינקטלאַכער פּסח יום-טוב ווי דעמאָלט זינט די צײַטן פון די שופטים.

און פּרעה נעכאָ, דער קעניג פון מצרים, האָט געפירט אַ מלחמה מיט אשור. האָט ער דורכגעפירט זײַן אַרמײ דורך דעם לאַנד יהודה. איז יאשיהו אַרויס קעגן אים, ווײַל ער האָט ניט געוואָלט אײַנרײַסן זיך מיט אשור. האָט פּרעה נעכאָ אים געשיקט זאָגן: „וואָס האָסטו מיט מיר צו טאָן, קעניג פון יהודה? איך קום דאָך ניט פירן מלחמה מיט דיר. קער זיך אום צוריק".

האָט יאשיהו ניט געפאָלגט און איז אַרויסגעטראָטן קעגן די מצריים. האָבן די מצריים געשאָסן אויף אים זײַערע פײַלן און אים פאַרוואונדעט. האָט יאשיהו געבעטן, מ'זאָל אים פון שלאַכטפעלד אָפּפירן קײַן ירושלים. האָט מען אים אָפּגע-פירט קײַן ירושלים, און ער איז דאָרטן געשטאָרבן.

האָבן אַלע אידן אים באַוויינט, און דער גרויסער נביא ירמיהו (ירמיאָהו) האָט אָנגעשריבן אַ קלאָג-ליד אויף יאשיהו'ס טויט.

## 24. פּונ׳ם בוך פון דער ת ו ר ה.

א.

און איצט, י ש ר א ל, הערט צו די געזעצן און די ד י נ י ם, וואָס איך לערן אײַך צו טאָן, כ ד י איר זאָלט לעבן. איר זאָלט זײַ אָפּהיטן. ווײַל אין זײַ ליגט אײַער ח כ מ ה און פאַרשטאַנד אין פאַרגלײַך מיט אַנדערע פעלקער. יענע פעלקער וועלן הערן וועגן אָט די אַלע געזעצן און וועלן זאָגן: „אָט וואָס פאַר אַ קלוג און פאַרשטענדלאַך פאָלק עס איז דאָס גרויסע י ש ר א ל!" וואָסער נאָך גרויס פאָלק האָט אַזעלכע גערעכטע געזעצן, ווי די, וואָס זײַנען אין דער ת ו ר ה, וואָס איר באַקומט הײַנט? נאָר היט זיך, איר זאָלט ניט פאַרגעסן די אַלע זאַכן, וואָס איר האָט געזען, און זײַ זאָלן ניט אָוועק פון אײַער האַרצן, כ ל - ז מ ן (קאָלזמאַן) איר וועט לעבן. און איר זאָלט וועגן זײַ דערציילן אײַערע קינדער און קינדס-קינדער.

איר זאָלט ניט עסן קײַן אומווערטיקע זאַכן, און קײַן טויטע קערפּערס זאָלט איר ניט עסן. איר קענט עסן פלייש, וויפיל אײַער האַרץ געלוסט. האַלט זיך אָבער אָפּ פון צו עסן דאָס בלוט; ווײַל דאָס בלוט איז די נ ש מ ה; און איר זאָלט ניט עסן דאָס פלייש מיט דער נ ש מ ה.

אין ס ו ף פון יעדע זיבן יאָר זאָלט איר מאַכן ש מ י ט ה. איר זאָלט אין דעם ש מ י ט ה - יאָר ניט מאָנען מער די שולדן פון אײַער ברודער. און היט זיך, איר זאָלט ניט אַרויפלאָזן דעם מ י א ו ס׳ן געדאַנק אויפ׳ן זינען: „אָט קומט אָן דאָס יאָר פון ש מ י ט ה, וועל איך אים דערפאַר ניט אויסלײַען". איר זאָלט אַלץ אײַנם אויסלײַען; ווען ניט, וועט איר זיך פאַרזינדיקן.

אַז אײַער ברודער, אַ איד — אָדער אַ אידישע פרוי — וועט זיך צו אײַך פאַרקויפן פאַר אַ קנעכט, זאָל ער אײַך דינען ניט מער, ווי זעקס יאָר. אין דעם ש מ י ט ה - יאָר זאָלט איר אים פרײַלאָזן. און דערבײַ זאָלט איר אים ניט אַוועקלאָזן מיט ליידיקע הענט, נאָר אָנלאָדן אים פון אײַערע שאָף און ת ב ו א ה און ווײַן. אויב אָבער דער קנעכט וועט זאָגן: איך האָב ליב מײַן האַר און מײַן גאַנצע פאַמיליע און וויל ניט אַרויס פרײַ, זאָלט איר אים דורכבויערן דאָס אויער

מיט אַן אַל, און ער זאָל נאָכדעם זײַן אַ קנעכט ביז דעם פופציקסטן יאָר, דעם יאָר פון י ו ב ל. אין דעם יאָר מוזן אַלע אידישע קנעכט אַרויס פרײַ!

אַז בײַ אײַך אין שטאָט וועט זײַן אַן אָרימאַן, זאָלט איר ניט פאַרדריקן אײַער האַנט פאַר אים, נאָר איר זאָלט עפענען אײַער האַנט און אים אָנלאָדן מיט אַלדאָס גוטס.

ב.

איר זאָלט אָנשטעלן ריכטער און אויפזעער אין אַלע שטעט, און זײ זאָלן אַרויסגעבן אַ גערעכטן מ ש פ ט. איר זאָלט ניט פאַרדרײען קײַן מ ש פ ט; איר זאָלט ניט אַנדערש מ ש פ ט'ן צוליב אײנעמס פערזענלאַכקײַט; איר זאָלט ניט נעמען קײַן ש ו ח ד, קײַן אונטער־קויף געלט. ווײַל ש ו ח ד מאַכט בלינד די אויגן פון די קלוגע און פאַרקרימט די רײד פון די געלערנטע. איר זאָלט זיך שטענדיק יאָגן נאָך גערעכטיקײַט!

אַז איר וועט אָנקומען אין לאַנד און איר וועט זיך טראַכטן: לאָמיר באַשטימען אויף אונז אַ קעניג, אַזוי ווי עס טוען די פעלקער אַרום אונז. קענט איר אָנשטעלן אויף זיך אַ קעניג. אָבער בלויז אײנעם פון אײַערע ברידער. איר קענט ניט אָנשטעלן אײנעם, וואָס איז פון אַ פרעמד פאָלק. און זאָל דער קעניג אײַערער ניט אָנקלײַבן קײַן ס ך פערד, און ניט נעמען זיך קײַן ס ך ווײַבער, און ניט אָנזאַמלען קײַן ס ך גאָלד און זילבער. און זאָל ער זיך לאָזן אויפשרײַבן אַ בוך פון אָט דער ת ו ר ה און לײענען פון אים, כ ד י ער זאָל אָפּהיטן די אַלע געזעצן און כ ד י ער זאָל זיך ניט גרויס האַלטן איבער זײַנע ברידער.

איר זאָלט ניט פאַר'מ ש פ ט'ן קײנעם אויף דעם ע ד ו ת (אײדעס) זאָגן פון בלויז אײן מענטשן. און אַז מענטשן וועלן שלעכט ע ד ו ת זאָגן אײנעם, און מ'וועט יענעם פאַר מ ש פ ט'ן; און שפּעטער וועט זיך אַרויסווײַזן, אַז די ע ד ו ת האָבן פאַלש ע ד ו ת געזאָגט, זאָלט איר זײ טאָן אַזוי, ווי זײ האָבן געוואָלט טאָן אים מיט זײער פאַלש ע ד ו ת זאָגן. און איר זאָלט אַזוי אַרום אויסראָטן דאָס שלעכטס פון צווישן אײַך.

ווען איר וועט אַרויס אויף מ ל ח מ ה קעגן אײַערע פײַנט, זאָלן די אויפזעער פון פאָלק אויסרופן: ווער עס האָט געבויט אַ נײַ הויז

און האָט עס ניט באַוואוינט; ווער עס האָט געפלאַנצט אַ וויַנ־גאָרטן און האָט נאָך ניט געגעסן פון זייַנע פרוכט; ווער עס האָט פאַר'ק נ ס'ט אַ פרוי און האָט מיט איר נאָך ניט ח ת ו נ ה גע־האַט — די אַלע זאָלן זיך אומקערן אַהיים. און ב כ ל ל, די אַלע, וואָס האָבן מ ו ר א און שרעקן זיך, זאָלן גיין אַהיים צוריק און זאָלן מיט זייער שרעקעדיקייַט ניט אָפּשוואַכן די הערצער פון די אַנדערע.

ווען איר וועט צוטרעטן צו אַ שטאָט מ ל ח מ ה צו האַלטן, זאָלט איר די ערשטע זאַך איר פאָרשלאָגן פרידן. אויב די שטאָט־לייַט וועלן אייַך ענטפערן מיט פרידן און וועלן אייַך עפענען אירע טויערן, זאָלט איר קיינעם פון די איינוואוינער ניט אָנרירן. נאָר זיי זאָלן אייַך צאָלן צינש. אויב אָבער די שטאָט־לייַט וועלן אייַך ניט ענטפערן מיט פרידן, זאָלט איר באַלאַגערן די שטאָט און פירן מ ל ח מ ה מיט איר. איר מעגט דערבייַ אויס'ה ר ג'ענען די מענלאַכע באַפעלקערונג. אָבער איר טאָרט ניט ה ר ג'ענען קיין פרויען און קינדער.

אַז איר וועט באַלאַגערן אַ שטאָט, קענט איר אויסהאַקן אַרום איר בלויז די ביימער, וואָס גיבן ניט קיין פרוכט צום עסן. איר זאָלט אָבער ניט אויפהייבן קיין האַק אויף אַ פרוכט־בוים, ווייַל פון אים עסט איר די פרוכט.

איר קענט ניט צוזען, ווי דער אָקס אָדער די שעפּס פון אייַער ברו־דער בלאָנדזשען אַרום, און מאַכן זיך, אַז איר זעט ניט. איר מוזט זיי צוריקקערן צו אייַער ברודער. און אויב איר ווייסט ניט, וועמען זיי באַלאַנגען, נעמט זיי אַריין צו זיך און זאָלן זיי זיין ביי אייַך, ביז זיי־ער אייגנטימער וועט זיך אָפּזוכן און פאָדערן זיי פון אייַך, וועט איר זיי דאַן צוריקקערן.

איר קענט אויך ניט צוזען, ווי דער אייזל אָדער דער אָקס פון אייַער פרייַנד פאַלט אונטער זיין לאַסט. איר מוזט אים העלפן.

ג.

איר זאָלט ניט אַרויסגעבן אַן אַנטלאָפענעם קנעכט צו זיין האַר. זאָל ער וואוינען צווישן אייַך, וואו ער געפינט פאַר בעסער. איר זאָלט אים ניט אָפּנאַרן.

איר זאָלט ניט נעמען קיין פּראָצענט, ווען איר לייַט געלט צו אייַערן אַ ברודער.

ווען איר פאַרשפּרעכט עפּעס, ווען איר גיט אַ נ ד ר (נייַדער), זאָלט איר פּינקטלאַך האַלטן אייַער וואָרט.

ווען איר לײַט עפּעס אײַערן אַ פרײַנד, זאָלט איר ניט גײן צו אים אין הויז אַרײַן נעמען אַ מ ש כ ו ן (מאַשקן). וואַרט אין דרויסן, ביז ער וועט עס אײַך אַרויסטראָגן. און אויב אײַער פרײַנד איז אָרים, זאָלט איר ניט פאַרהאַלטן דעם מ ש כ ו ן; קערט עס אום צוריק, אײדער די זון פאַרגײט, ער זאָל האָבן מיט וואָס זיך צו־צודעקן.

אַז איר דינגט אַן אַרבעטער, וואָס איז אָרים, אַלץ אײנס, פון צווישן אײַערע ברידער, אָדער אַ פרעמדן, זאָלט איר אים ניט דריקן. איר זאָלט אים באַצאָלן זײַן געהאַלט נאָך דעמזעלבן טאָג, ווײַל מעג־לאַך, אַז ער דאַרף עס באַלד צום לעבן.

איר זאָלט ניט פאַרדרײען דעם מ ש פּ ט פון אײנעם, וואָס איז אַ פרעמדער בײַ אײַך אין לאַנד, אָדער פון אַ י ת ו ם (יאָסעם) אָדער פון אַן אַ ל מ נ ה (אַלמאָנע).

איר זאָלט ניט באַשטראָפן די עלטערן פאַר די קינדער אָדער די קינדער פאַר די עלטערן; יעדערער זאָל באַשטראָפט ווערן בלויז פאַר זײַן אײגענער זינד אָדער פאַרברעכן.

איר זאָלט ניט פאַרבינדן אַן אָקס דאָס מויל, ווען ער דרעשט.

עס זאָל בײַ אײַך ניט זײַן קײן צווײענדיקע מאָס: — אַ קלע־נערע און אַ גרעסערע; און קײן צווײענדיקע וואָג — אַ לײַכטערע און אַ שווערערע; אײן ריכטיקע פולע מאָס און וואָג זאָלט איר האָבן, כ ד י איר זאָלט האָבן לאַנגע יאָר.

ווען איר שנײַדט אַראָפּ אַ פעלד און פאַרגעסט אַ גאַרב, קערט זיך ניט אום עס אויפצוקלײַבן; ווען איר נעמט אַראָפּ די אײלבירטן אָדער די ווײַנטרויבן, קלײַבט ניט אַרום די אײנצלנע און קלענערע. לאָזט עס איבער פאַר דעם י ת ו ם, דער אַ ל מ נ ה און דעם פרעמדן, וואָס האָט זיך באַזעצט בײַ אײַך אין לאַנד. און געדענקט, אַז איר זײַט אַמאָל אַלײן געווען פרעמדע און קנעכט אין דעם לאַנד מ צ ר י ם.

## 25. י ה ו י ק י ם ווערט קעניג.

דער קעניג פון מ צ ר י ם האָט אַרויפגעזעצט אויפ'ן טראָן פון י ה ו ד ה י א ש י ה ו'ס זון, י ה ו י ק י מ'ען (יעהויאָקימען). דער לעצטער האָט געגעבן פ ר ע ה'ן אַ ס ך גאָלד און זילבער. און כ ד י צו קריגן דאָס גאָלד מיט'ן זילבער, האָט י ה ו י ק י ם אַרויפגעלײגט שטײַערן אויפ'ן גאַנצן פאָלק, אויף יעדערן לויט זײַן פאַרמעג.

און י ה ו י ק י ם האָט געטאָן אַלדאָס שלעכטס. ער האָט צו־ריק איינגעפירט געצנדינסט אין לאַנד און פאַרגאָסן בלוט.

איז דער נ ב י א י ר מ י ה ו, וואָס האָט ניט געקאָנט צוזען דאָס שלעכטס, געקומען אין טעמפּל אין דער צייַט, ווען דאָרט זיינען געווען פאַרזאַמלט אַ ס ך אידן, און ער האָט זיך געשטעלט און נ ב י א ו ת געזאָגט אַזוי: „פאַרריכט, אידן, אייַערע וועגן! פאָלגט די מ צ ו ו ו ת פון דער ת ו ר ה, וועט איר אויסמיידן אַן אומגליק. און וועט איר ניט פאָלגן, וועט דער טעמפּל ח ר ו ב ווערן, ווי אַמאָל דער טעמפּל פון ש י ל ו; און די שטאָט י ר ו ש ל י ם וועט ווערן וויסט, און די פעלקער פון דער וועלט וועלן איר נאָמען דערמאָנען מיט שמאַך".

האָבן די כ ו ה נ י ם און די נ ב י א י ם דערהערט די רייד פון י ר מ י ה ו'ן, זיינען זיי אין כ ע ס געוואָרן און האָבן צוזאַמען מיט אַלע פאַרזאַמלטע פאַרהאַלטן י ר מ י ה ו'ן און געזאָגט: „ער מוז שטאַרבן! ער האָט גערעדט אַזעלכע שלעכטע רייד אויף אונזער שטאָט."

האָט זיי י ר מ י ה ו געזאָגט: „דאָס האָט מיך יאַהאַווע געשיקט זאָגן אייַך. און איצט פאַררינכט אייַערע מ ע ש י ם, קערט זיך אָפּ פון שלעכטס, און איר וועט נאָך אויסמיידן דאָס אומגליק. איך בין ביי אייַך אין די הענט, און איר קענט מיט מיר טאָן, ווי איר ווילט. אָבער זייט וויסן, אַז איר וועט אויף דער שטאָט און אויף אירע איינ־וואוינער אַרויפוואַרפן די שולד פון פאַרגיסן אומשולדיק בלוט".

האָבן די האַרן פון'ם קעניג געזאָגט צו די פאַרזאַמלטע: „אים קומט ניט טויטן, ווייל ער האָט גערעדט אין נאָמען פון יאַהאַוועו". און די אַלטע לייט האָבן געזאָגט: „אָט געדענקען מיר, אַז אין די צייטן פון ח ז ק י ה ו'ן האָט אויך איינער אַ נ ב י א, מ י כ ה, נ ב י א ו ת געזאָגט אויף דער שטאָט י ר ו ש ל י ם, אַז זי וועט צעאַקערט ווערן ווי אַ פעלד, און אויף דעם באַרג פון'ם טעמפּל, אַז ער וועט פאַרוואַקסן ווערן מיט אַ וואַלד. האָט אים דעמאָלט ח ז ק י ה ו דען געטויט? — ניין. ער האָט ח ר ט ה געהאַט אויף זיינע זינד און האָט געטאָן גוטס; און דאָס שלעכטס, וואָס האָט גע־זאָלט טרעפן מיט י ר ו ש ל י ם, איז פאַרמידן געוואָרן".

און אַ ח י ק ם, דער זון פון ש פ ן, האָט זיך אויך איינגעשטעלט פאַר י ר מ י ה ו'ן און ניט געלאָזט אים טויטן.

## 26. ירמיהו׳ס ליד.

נאָכדעם האָט דער נביא ירמיהו גענומען אַ מגילה, גערופן צו זיך זײַן שרײַבער, ברוך (באָרוך), דעם זון פון נריה (נעריאָ), און אים געהייסן פאַרשרײַבן אַ ליד, וואָס ער האָט געשאַפן. און אין דעם ליד האָט ער געזונגען וועגן די אומגליקן, וואָס ערוואַרטן דעם קעניג און די הויפּטשטאָט און דאָס פאָלק דערפאַר, וואָס זיי טו־ען שלעכטס.

האָט ברוך פאַרשריבן דאָס ליד. און מיט דער מגילה אין דער האַנט איז ער אַוועק אין טעמפּל און פאַר די אַלע פאַרזאַמלטע דורכגעלייענט דאָס גאַנצע ליד.

און מכיהו, שפנ׳ס אַן אייניקל, וואָס האָט געהערט דאָס שרעקלאַכע ליד, האָט אַוועקגעאײַלט אינ׳ם קעניגלאַכן פּאַלאַץ. דאָרט האָט ער געטראָפן זײַן פאָטער און אַנדערע הויכע באַאַמטע; האָט ער זיי דערציילט וועגן ירמיהו׳ס ליד, וואָס ברוך האָט פאַר־געלייענט. האָבן די האַרן געשיקט נאָך ברוכ׳ן און געבעטן פאַר־לייענען פאַר זיי דאָס ליד. האָט ברוך אַזוי געטאָן.

זײַנען די צוהערער פאַרציטערט געוואָרן און זיי האָבן געפרעגט: „האָסטו דאָס טאַקע געהערט פון ירמיה׳ס מויל?" האָט זיי ברוך געזאָגט: „געוויס, ער האָט גערעדט, און איך האָב פאַר־שריבן וואָרט פאַר וואָרט מיט טינט אויף דער מגילה".

האָבן די האַרן געזאָגט צו ברוכ׳ן: „גיי דו און ירמיהו און באַהאַלט זיך, און קיינער זאָל ניט וויסן, וואו איר זײַט, און די מגילה לאָז איבער מיט אונז".

און די האַרן האָבן דערציילט דעם קעניג וועגן דער מגילה. האָט דער קעניג געהייסן ברענגען די מגילה און מ׳האָט זי פאַר אים פאַרגעלייענט.

און דער קעניג איז דעמאָלט געזעסן אין זײַן ווינטער־הויז, און דער אויוון פאַר אים האָט געברענט. ווען דער שרײַבער האָט אָפּ־געלייענט עטלאַכע שורות, האָט דער קעניג אָפּגעשניטן זיי מיט אַ שערל און אַרײַנגעוואָרפן אין פײַער אַרײַן, און אַזוי האָט ער גע־טאָן, ביז ער האָט די גאַנצע מגילה פאַרברענט אין פײַער. איי־

ניקע פון די הארן האָבן אים געוועון געבעטן, ער זאָל די מ ג י ל ה ניט פאַרברענען; אָבער דער קעניג האָט זיי ניט געפאָלגט.



י ה ו ק י ם פאַרברענט י ר מ י ה ו'ס ליד.

און דער קעניג האָט געהייסן כאַפּן י ר מ י ה ו'ן און ב ר ו כ'ן און פאַרזעצן זיי אין געפענקעניש. אָבער יענע האָבן זיך באַהאַלטן, און מ'האָט זיי ניט געקענט געפינען.

און י ר מ י ה ו האָט גענומען אַן אַנדער מ ג י ל ה און גע־געבן ב ר ו כ'ן. און יענער האָט פון י ר מ י ה ו'ס מויל ווידער פאַר־שריבן דאָס גאַנצע ליד, וואָס י ה ו י ק י ם האָט פאַרברענט; און י ר מ י ה ו האָט נאָך צו דעם צוגעגעבן נאָך אַמאָל אַזוי פיל.

# 26א. פון י ר מ י ה ו׳ס ליד.

## א

ווי איינזאם איז געבליבן זיצן די שטאָט!
די פיל באַפעלקערטע שטאָט איז געוואָרן ווי אַן א ל מ נ ה.
פון די גרעסטע צווישן די פעלקער, פון אַ האַרינטע צווישן מ ד י נ ו ת
איז זי געוואָרן אַן אונטערטעניקע, אַ צינש-צאָלערין!
זי וויינט און קלאָגט ביינאַכט, טרערן רינען איבער אירע באַקן,
און פון אַלע אירע ליבהאָבער איז ניטאָ קיין טרייסטער!
אַלע אירע פריינד האָבן זי פאַרראַטן, געוואָרן אירע פיינט.
די וועגן קיין צ י ו ן זיינען טרויעריק; קיינער קומט ניט אויף זיי
אויף די י ו ם - ט ו ב - טעג;
אַלע אירע טויערן זיינען פאַראומערט, אירע כ ו ה נ י ם זיפצן,
אירע יונגפרויען פאַרקלאָגט — און איר אַליין איז ביטער.
אירע אונטערדריקער זיינען דערהויבן, אירע פיינט זיצן רואיק;
נאָר זי האָט יאַהאַווע צעבראָכן צוליב אירע זינד;
אירע קינדער זיינען אַוועק געפאַנגען פאַר׳ן פיינט.
פון צ י ו ן איז אַוועק איר גאַנצע שיינקייט.
אירע הארן זיינען געוואָרן ווי שעפּסן, וואָס האָבן ניט קיין פאַשע;
אָן כ ו ח גייען זיי פאַר זייערע פאַרפאָלגער.
י ר ו ש ל י ם האָט זיך דערמאָנט אין די טעג פון איר אָרימקייט
און עלנד
אָן אַלע אירע טייערע זאַכן, וואָס זי האָט פאַרמאָגט פון אַמאָל,
ווען איר פאָלק איז געפאַלן דורכ׳ן פיינט און קיינער איז איר צו הילף
ניט געקומען.
אירע פיינט האָבן זי געזען און געלאַכט פון איר בראָך;
דאָס גאַנצע פאָלק אירס זיפצט און בעט ברויט,
זיי גיבן דאָס טייערסטע פאַר שפּייז צו דערקוויקן זייער נ ש מ ה.
קוק נאָר, יאַהאַווע, און זע: איך בין געוואָרן אַ פּרעסערין!
ניט פאַר אייך געדאַכט, פאַרבייגייער!
קוקט און זעט: איז נאָך פאַראַן אַזאַ ווייטיק ווי מיינער?
אויף דעם וויין איך, מיינע אויגן גיסן טרערן,
ווייל ס׳איז ווייט פון מיר אַ טרייסט, וואָס זאָל דערקוויקן מיין נ ש מ ה.
מיינע זין זיינען פאַרוויסט, זינט דער פיינט האָט זיך געשטאַרקט.
צ י ו ן ברעכט מיט די הענט, זי האָט ניט קיין טרייסטער.

עס זיצן אויף דער ערד און שווייַגן די עלטסטע פון צ י ו ן;
זיי האָבן באַשאָטן דעם קאָפּ מיט שטויב און אָנגעטאָן זעק;
די יונגפרויען פון י ר ו ש ל י ם האָבן זייערע קעפּ צו דער ערד
געבויגן.
מייַנע אויגן האָבן שוין ניט קיין טרערן.
מייַנע אינגעווייד זייַנען איַינגעצויגן געוואָרן,
מייַן לעבער — אויסגעשפּיגן אויף דער ערד —
איבער דעם בראָך פון מייַן פאָלק.
זויגקינדער וואַלגערן זיך אין די גאַסן פון שטאָט.
זיי בעטן ביי די מאַמעס: „גיב ברויט און וויַין!"
אויסהויכנדיק זייער אָטעם אין שויס פון זייערע מוטערס.
מיט וואָס נאָך קאָן איך דיך פאַרגלייַכן, טאָכטער י ר ו ש ל י ם,
כ ד י דיך צו טרייסטן?
ווייַל דייַן בראָך איז גרויס ווי דער י ם, ווער קאָן אים היילן?
אַלע פאַרבייַגייער האָבן געקלאַפּט מיט די הענט, געפייַפט און
געשאָקלט מיט'ן קאָפּ אויף דער שטאָט י ר ו ש ל י ם:
איז דאָס די שטאָט, וואָס מ'האָט גערופן „די שענסטע", די פרייד
פון גאַנצן לאַנד?"
אַלע דייַנע פייַנט האָבן אויף דיר געעפנט אַ מויל, געפייַפט און
געקריצט מיט די ציין
און געזאָגט „מיר האָבן דיך פאַרצוקט.
דאָס איז דער טאָג, אויף וועלכן מיר האָבן געוואַרט;
איצט האָבן מיר אים דערגרייכט".

## 27. י ה ו י כ י ן (יעהויאָכין).

אין י ה ו י ק י מ'ס צייַטן איז געקומען אין י ה ו ד ה נ ב ו־כ ד נ א צ ר (נעוואוכאַדנעצער), דער קעניג פון ב ב ל (באַוועל), מיט אַ גרויסער אַרמיי. ווען ער איז צוגעקומען צו י ר ו ש ל י ם, איז י ה ו י ק י ם אים געוואָרן אונטערטעניק און אים געצאָלט צינז. אויסערדעם זייַנען אויף י ה ו י ק י מ'ען אָנגעפאַלן באַנדעס פון די פעלקער, וואָס אַרום י ה ו ד ה — פון א ר ם, מ ו א ב און ע מ ו ן.
נאָך עלף יאָר קעניגן איז י ה ו י ק י ם געשטאָרבן.

און ירמיהו האָט נאָך פריער נביאות געזאָגט אויף יהויקימ׳ן אַזוי: „קיינער וועט ניט קלאָגן אויף אים: „אָ, מיין ברודער!“, קיינער וועט ניט וויינען: „אָ, מיין האַר!“. מ׳וועט אים באַערדיקן ווי אַן איזל; מ׳וועט אים אַוועקשלײַדערן אויף יענער זײַט פון די טויערן פון ירושלים — צוליב זײַנע זינד און צוליב דעם אומשולדיקן בלוט, וואָס ער האָט פאַרגאָסן“.

נאָך יהויקימ׳ען איז געוואָרן קעניג זײַן זון יהויכין. ער האָט אָבער באַוויזן צו זײַן קעניג בלויז דרײַ חדשים.

דעמאָלט איז ווידער צוגעקומען צו ירושלים נבוכדנאצר, דער קעניג פון בבל, און האָט זי באַלאַגערט. איז יהויכין אַרויס אַנטקעגן דעם קעניג פון בבל, כדי אים אויסצודריקן זײַן פרײַנטשאַפט. האָט דער קעניג פון בבל אים פאַרהאַלטן און אָפּגעפירט אין בבל אַרײַן. און מיט אים צוזאַמען האָט ער אויך אַוועקגעפירט זײַן מוטער און זײַנע ווײַבער און דעם גרעסטן טייל פון דער קעניגלאַכער משפחה. ער האָט אויך פאַרטריבן אַהין די אַלע אידן, וואָס האָבן געקענט מאַכן געווער, ווי אויך אַ סך פון די כוהנים און די חשוב׳ע לײַט פון פאָלק. ער האָט איבערגעלאָזן בלויז דאָס אָרעמסטע פאָלק.

נבוכדנאצר האָט אויך צוגענומען די אוצרות, וואָס זײַנען געווען אין הייליקן טעמפּל און אינ׳ם קעניגס הויז; און די אַלע גאָלדענע כלים, וואָס שלמה האָט אַמאָל געמאַכט פאַר׳ן טעמפּל, האָט ער אָפּגעשיקט אין בבל אַרײַן.

און פאַר קעניג איבער יהודה האָט ער באַשטימט יהויקימ׳ס אַ ברודער — צדקיהו׳ן (צידקיאָהון).

און ירמיהו דער נביא האָט אין יאַהאַוועס נאָמען אַזוי געזאָגט וועגן יהויכינ׳ען: „וועגן דו, יהויכין, וואָלסט אפילו געווען ווי אַ פינגערל אויף מײַן רעכטער האַנט, וואָלט איך דיך פון דאָרט אַראָפּגעריסן און אַוועקגעגעבן אין די הענט פון די, פאַר וועמען דו האָסט מורא — אין די הענט פון בבל. און איך וועל דיך און דײַן מוטער אַוועקשלײַדערן אין אַ פרעמד לאַנד, און דאָרטן וועט איר שטאַרבן. און אין דעם לאַנד, נאָך וועלכן איר בענקט אַזוי שטאַרק, וועט איר זיך ניט אומקערן“.

## 28. צ ד ק י ה ו.

די ערשטע עטלאַכע יאָר פון זײַן קעניגן איז צ ד ק י ה ו געווען טרײַ דעם קעניג פון ב ב ל. צווישן זײַנע האַרן זײַנען אַ פּ י ל ו געווען אַ ס ך אַזעלכע, וואָס האָבן אים צוגערעדט, ער זאָל ווידער־שפּעניקן אין ב ב ל און פאַרהאַנדלען מיטן קעניג פון מ צ ר י ם וועגן הילף. אָבער צ ד ק י ה ו האָט זיי ניט געפאָלגט, ווײַל ער האָט דאָס ניט געוואָגט צו טאָן.

אָבער ביסלאַכווײַז האָבן די האַרן, וואָס זײַנען געווען פאַר אַן אויפשטאַנד קעגן ב ב ל, באַקומען די אויבערהאַנט, און זיי האָבן געצוואונגען צ ד ק י ה ו׳ן צו ברעכן זײַן אָפּמאַך מיט ב ב ל. און צ ד ק י ה ו איז געווען צו שוואַך צו שטעלן זיך אַנטקעגן זײַנע האַרן.

דער נ ב י א י ר מ י ה ו האָט געזען, אַז י ה ו ד ה איז צו שוואַך צו שלאָגן זיך מיט׳ן קעניג פון ב ב ל, און אַז עס וועט אַרויס־קומען אַן אומגליק, ווען די אידן וועלן זיך שטעלן אַנטקעגן אים. האָט ער געוואָרנט דעם קעניג צ ד ק י ה ו און זײַנע האַרן און זיי אויפ־געפאָדערט אין נאָמען פון יאַהוועץ ניט צו קעמפן מיט ב ב ל; און אין דער זעלבער צײַט האָט ער געפאָדערט פון זיי, זיי זאָלן ניט טאָן קיין שלעכטס אין לאַנד ג ו פ א.

אײַנמאָל איז י ר מ י ה ו געגאַנגען און געקויפט אַ ליימענעם קרוג. ער איז אַוועק אויף אַ פּלאַץ, וואו עס זײַנען געווען פאַרזאַמלט די עלטסטע פון פאָלק און די עלטסטע פון די כ ו ה נ י ם, און ער האָט נ ב י א ו ת געזאָגט אַזוי: „הערט צו, איר האַרן פון י ה ו ד ה און אײַנוואוינער פון י ר ו ש ל י ם! עס וועט קומען אַזאַן אומ־גליק אויף אָט דעם פּלאַץ, אַז ווער עס וועט הערן וועגן דעם, וועט אים קלינגען אין די אויערן. דערפאַר וואָס איר האָט געדינט צו אָפּ־געטער און געבויט ב מ ו ת צום ב ע ל און פאַרברענט אײַערע קינדער פאַר די אָפּגעטער. עס וועלן אָנקומען טעג, און איר וועט פאַלן פאַר׳ן שווערד פון אײַער פײַנט. און אָט די שטאָט וועט ווערן וויסט”.

און ער האָט צעבראָכן דעם קרוג און געזאָגט: „אַזוי וועט צע־בראָכן ווערן דאָס פאָלק און די שטאָט!”.

האָט אײנער פון די כ ו ה נ י ם אַ פּאַטש געגעבן י ר מ י ה ו׳ן און אים אַרײַנגעזעצט אין אַרעסט־צימער, וואָס לעבן טעמפּל, פאַר

די שלעכטע רייד, וואָס ער האָט גערעדט אויף די אידן און אויף ירושלים. און ווען מ'האָט אויף מאָרגן באַפרייט ירמיהו'ן,



ירמיהו צעברעכט דעם קרוג.

האָט ער געזאָגט צום כוהן און צו די אַלע, וואָס זיינען געשטאַנען אַרום אים: „דו וועסט שוין זען: דיינע פריינד וועלן פאַלן דורכ'ן שווערד פונ'ם פיינט; גאַנץ יהודה וועט אַריינפאַלן אין די הענט פונ'ם קעניג פון בבל, און ער וועט זיי פאַרטרייבן און אומ־ברענגען מיט'ן שווערד. און אַט די שטאָט וועט צעבראָכן ווערן און אַלע אירע אוצרות און דער גאַנצער פאַרמעגן פון די קעניגן פון יהודה וועלן צערויבט ווערן. און דו וועסט ווי אַ געפאַנגע־נער אַוועקגעפירט ווערן אין בבל און דאָרטן וועסטו שטאַרבן”.

## 29. ירמיהו זאָגט פאָרוים אַ לאַנגן גלות.

אין'ם פערטן יאָר פון צדקיהו'ס קעניגן האָט איינער אַ נביא חנניה אין נאָמען פון יאהאָווען געזאָגט אַזוי: „איך האָב צעבראָכן דעם יאָך פון בבל. אין צוויי יאָר אַרום וועל איך אומ־קערן צוריק אין ירושלים די כלים פון טעמפּל, וואָס נבוכדנאצר האָט אַוועקגענומען אין בבל; און יהויכי־נ'ען און די אַלע, וואָס זיינען מיט אים פאַרטריבן געוואָרן, וועל איך ברענגען צוריק אין אָט דעם לאַנד. ווייל איך וועל צעברעכן דעם יאָך פון בבל!"

ירמיהו, וואָס איז געשטאַנען הערביי און געטראָגן אַ יאָך אויף זיין האַלז אַלס צייכן, אַז בבל וועט אָנטאָן איר יאָך אויף אַלע פעלקער, האָט זיך אָפּגערופן: „הלוואי זאָל זיין אַזוי, ווי דו זאָגסט. אָבער איר ווייסט דאָך: ווען אַ נביא זאָגט נביאות אויף גוטס, ווערט ערשט דעמאָלט קלאָר, אַז יאהאָווע האָט אים געשיקט, ווען עס ווערט מקוים דאָס, וואָס ער זאָגט פאָרוים".

האָט חנניה אַראָפּגענומען ביי ירמיהו'ן פון האַלז דעם יאָך און אים צעבראָכן און געזאָגט: „אַזוי זאָגט יאהאָווע: אין צוויי יאָר אַרום וועל איך צעברעכן דעם יאָך פון בבל פון דעם האַלז פון אַלע פעלקער".

האָט ירמיהו געזאָגט צו חנניה'ן: „דו האָסט צע־בראָכן אַ הילצערנעם יאָך, גיי מאַך זיך איצט אַן אייזערנעם! ווייל ווי אין אַן אייזערנעם יאָך וועלן אַלע פעלקער דינען דעם קעניג פון בבל. און דיך, חנניה, האָט יאהאָווע ניט געשיקט און דו האָסט גערעדט צום פאָלק פאַלשע רייד".

באַלד נאָכדעם האָט ירמיהו אַוועקגעשיקט אַ בריף צו די אַלע כוהנים און נביאים און צו אַלע אַנדערע, וואָס נבוכדנאצר האָט פאַרטריבן אין בבל צוזאַמען מיט יהוי־כינ'ען. ער האָט דעם בריף געשיקט דורך די שלוחים, וואָס צדקיהו האָט געשיקט צום קעניג פון בבל. און אין דעם בריף האָט ער געשריבן אַזוי: „בויט אייך דאָרט הייזער און וואוינט אין זיי, פלאַנצט גערטנער און עסט זייער פרוכט; נעמט אייך ווייבער און האָט קינדער; און מאַכט חתונה אייערע זין און טעכ־

טער, און זאָלן זײַ זיך פאַרמערן דאָרט אין לאַנד. און זוכט דעם וואויל־זײַן פון דער שטאָט, וואָס איר זײַט פאַרטריבן אַהין, ווײַל אין איר וואוילזײַן ליגט אויך אײַער וואוילזײַן".

„און אין זיבעציק יאָר אַרום — זאָגט יאַהאָווע — וועט איר דער־מאָנט ווערן און איר וועט זיך צוריקקערן אין אײַער לאַנד".

## 30. צדקיהו ווידערשפּעניקט קעגן בבל.

אונטער דעם אײַנפלוס פון די האַרן, וואָס זײַנען געווען פאַר צע־רײַסן מיט בבל, האָט צדקיהו לסוף אויפגעהערט צו צאָלן צינז דעם קעניג פון בבל און ווידערשפּעניקט קעגן אים.

איז נבוכדנאצר מיט זײַן גאַנצער אַרמײַ געקומען אין יהודה; און דעם צענטן טאָג אין דעם פערטן חודש, אין טבת (טײַוועס), האָט ער באַלאַגערט ירושלים.

האָט צדקיהו געשיקט זײַנע האַרן צו ירמיהו'ן און אים געהײסן זאָגן: „נבוכדנאצר איז געקומען און פירט מלחמה מיט אונז. בעט יאַהאָווען פאַר אונז. אפשר קאָן ער עפּעס טאָן, דער קעניג פון בבל זאָל פון אונז אַוועק".

האָט ירמיהו געלאָזט ענטפערן צדקיהו'ן: „רעדט זיך ניט אײַן, אַז די סאָלדאַטן פון בבל וועלן אַוועק פון דער שטאָט. דער חיל פון מצרים, וואָס איז אַרויס אײַך צו הילף, האָט זיך אומגעקערט צוריק. און ווען עס זאָלן דאָ פאַרבלײַבן בלויז פאַרוואונ־דעטע כשדים (קאַסדים), וועלן זײ פאַרברענען די דאָזיקע שטאָט".

## 31. ירמיהו אין טורמע.

אײנמאָל איז ירמיהו אַרויס פון ירושלים. ער האָט געוואָלט אַוועקגײן אין דאָרף צו זײַן מיט'ן פּשוט'ן פאָלק. האָט אים באַגעגנט אַן אײניקל פון חנניה דעם נביא. ער האָט פאַרהאַלטן ירמיהו'ן און געזאָגט: „דאָס אַנטלויפסטו צו די כשדים!" האָט אים ירמיהו געזאָגט: „ס'איז אַ ליגן, איך אַנטלויף ניט". אָבער יענער האָט ירמיהו'ן ניט אָפּגעלאָזן. ער האָט אים געבראַכט צו די האַרן און זײ געזאָגט: „ירמיהו האָט געוואָלט איבערגעבן זיך צו די כשדים".

זײַנען די האָרן געוואָרן אין כעס אויף ירמיהו'ן, האָבן אים געשלאָגן און אים אַרײַנגעזעצט אין טורמע.

און ירמיהו איז דאָרטן געזעסן אַ לאַנגע צײַט.

אײנמאָל האָט צדקיהו געשיקט נאָך ירמיהו'ן אין טורמע און געבראַכט אים צו זיך. און געהײמערהײט האָט ער אים געפרעגט: האָסטו עפּעס פאַר מיר אַ נבואה-וואָרט? האָט אים ירמיהו געענטפערט: „דו וועסט אַרײַנפאַלן אין די הענט פון'ם קעניג פון בבל".

און ירמיהו האָט געפרעגט דעם קעניג צדקיהו: „מיט וואָס האָב איך זיך פאַרזינדיקט פאַר דיר און פאַר דײַנע דינער, וואָס איר האָט מיך פאַרזעצט אין טורמע? שיק מיך מער ניט אַהין, ווײַל איך וועל דאָרט שטאַרבן".

האָט צדקיהו געהײסן, מ'זאָל איבערלאָזן ירמיהו'ן אין הויף פון טורמע און מ'זאָל אים דאָרט געבן צו עסן. איז ירמיהו פאַרבליבן אין הויף פון טורמע.

און אפילו ווען ער איז געווען אין הויף פון טורמע, האָט ירמיהו ניט אויפגעהערט נביאות צו זאָגן אויף די אײַנוואוינער פון שטאָט ירושלים אַזוי: „דער וואָס וועט בלײַבן אין שטאָט, וועט שטאַרבן פון הונגער אָדער פון שווערד; און דער וואָס וועט זיך איבערגעבן צו די כשדים, וועט זיך ראַטעווען. ווײַל די שטאָט וועט אַרײַנפאַלן אין די הענט פון בבל."

האָבן די האָרן געזאָגט צום קעניג צדקיהו: „מ'מוז טײטן אָט דעם מענשן. ער שוואַכט אָפּ מיט זײַנע רײד די הענט פון אונזערע קריגסלײַט און פון דעם פאָלק, וואָס אין שטאָט. דער מענש ווינשט ניט קײן גוטס דעם פאָלק, נאָר שלעכטס".

האָט דער קעניג זײ געזאָגט: „איר פאָלגט דאָך מיך סײַ ווי ניט. ירמיהו איז בײַ אײַך אין די הענט, און איר קאָנט טאָן מיט אים, וואָס איר ווילט".

האָבן די האָרן גענומען ירמיהו'ן און אַראָפּגעלאָזט אים אויף שטריק אין דעם טיפן לײם-גרוב. איז ירמיהו אײַנגעזונקען אין לײם.

האָט איינער פון די אויפזעער אינ'ם קעניגלאַכן הויף דערהערט, אַז מ'האָט אַרײַנגעוואָרפן י ר מ י ה ו'ן אין גרוב; איז ער אַוועק צום



מ'לאָזט אַראָפּ י ר מ י ה ו'ן אין ליים-גרוב.

קעניג און געזאָגט: „מ'האָט געטאָן אַ שלעכטע זאַך, וואָס מ'האָט אַרײַנגעוואָרפן י ר מ י ה ו'ן אין גרוב. ער וועט דאָרטן שטאַרבן".

האָט דער קעניג געהייסן דעם אויפזעער, ער זאָל נעמען מיט זיך מענשן און אַרויסציען י ר מ י ה ו'ן פון גרוב. האָט יענער אַזוי גע-געטאָן, און ער האָט ווידער איבערגעלאָזט י ר מ י ה ו'ן אין הויף פון טורמע.

און צ ד ק י ה ו האָט נאָך אַמאָל געשיקט נאָך י ר מ י ה ו'ן

און אים געזאָגט: „איך וועל בײַ דיר עפּעס פֿרעגן, און דו ענטפֿער מיר אָפּענערהײַט. לײַקן פֿון מיר גאָרנישט.‟

האָט אים ירמיהו געזאָגט: „ווען איך זאָל דיר זאָגן דעם אמת, וועסטו דאָך מיך טײַטן; און וועל איך דיר געבן אַן עצה, וועסטו דאָך מיך ניט פֿאָלגן‟.

האָט אים צדקיהו געשוואָרן, אַז ער וועט אים ניט טײַטן, און וועט אים אויך ניט איבערגעבן אין די הענט פֿון די, וואָס זוכן זײַן טויט.

האָט ירמיהו געזאָגט צו צדקיהו'ן: „אויב דו וועסט אַרויס צו די האַרן פֿונ'ם קעניג פֿון בבל, וועסטו און דײַן הויזגע־זינד בלײַבן לעבן; און די שטאָט וועט ניט פֿאַרברענט ווערן. און וועסטו זיך ניט אונטערגעבן, וועט די שטאָט אַרײַנפֿאַלן אין די הענט פֿון בבל, און דו אַלײַן וועסט זיך אויך פֿון זײַערע הענט ניט אַרויס־דרײען‟.

האָט צדקיהו געזאָגט: „איך האָב מורא, זיי וועלן מיך איבערגעבן אין די הענט פֿון די אידן, וואָס זײַנען אַריבער צו בבל, און יענע וועלן פֿון מיר חוזק מאַכן און פּײַניקן מיך‟.

האָט ירמיהו געזאָגט: „מ'וועט דיך ניט איבערגעבן. פֿאָלג מיך און גיב זיך אונטער. ווײַל אויב ניט, וועט די שטאָט פֿאַרברענט ווערן; דײַנע ווײַבער און קינדער וועלן אַרײַנפֿאַלן צו די כשדים, און דו וועסט זיך פֿון זיי אויך ניט ראַטעווען‟.

האָט צדקיהו געזאָגט ירמיהו'ן: „זאָל קיינער ניט וויסן, וואָס מיר האָבן דאָ גערעדט. און וועט דיך איינער פֿון די האַרן פֿרעגן, זאָג, דו ביסט געקומען מיך בעטן, איך זאָל דיך ניט לאָזן צו־ריק אין טורמע אַרײַן‟.

זײַנען די האַרן טאַקע געקומען און געפֿרעגט ירמיהו'ן, וואָס דער קעניג האָט מיט אים גערעדט. האָט ירמיהו זיי גע־זאָגט דאָס, וואָס דער קעניג האָט געהייסן. און ירמיהו איז געבליבן אין הויף פֿון טורמע ביז דעם טאָג, ווען ירושלים איז אַרײַנגעפֿאַלן אין די הענט פֿון די כשדים.

## 32. דער הונגער.

נ ב ו כ ד נ א צ ר'ס ח י ל האָט באַלאַגערט די שטאָט י ר ו ש ל י ם אַ לאַנגע צײַט. און דער הונגער איז אַלע מאָל שטאַרקער און שטאַרקער געוואָרן. טויט-הונגעריקע האָבן די טעכטער פון י ר ו ש ל י ם אַרומגעבלאָנקעט איבער די גאַסן און אין די מערק, זוכנדיק עפּעס, מיט וואָס צו שטילן דעם הונגער.

פרעגט אײנע די אַנדערע: „ווי קומסטו דאָ אַהער אין מאַרק? זינט דו לעבסט, האָסטו דאָך די שוועל פון דעם הויז ניט אַריבערגעטראָטן?"

ענטפערט יענע: „וואָס זאָל איך דיר לײקענען? די פּלאָג פון הונגער איז זײער שווער, ניט אַריבערצוטראָגן".

נעמען זײ זיך פאַר די הענט און גײען אַרום צוזאַמען איבער דער שטאָט זוכן עטוואָס צו עסן און געפינען ניט.

און פאַרשמאַכטע בלײַבן זײ שטײן בײַ די זײַלן פון הויז און פאַלן טויטע.

## 33. י ר מ י ה ו 'ס געוויין האַלט אויף די שטאָט.

צעטראָטן ליגט י ה ו ד ה צו נ ב ו כ ד נ א צ ר'ס פיס. דער פײַנט האָט שוין אײַנגעזאַמלט דעם גאַנצן כ ש ד י ם - (קאַסדים) ח י ל אַרום די מויערן פון י ר ו ש ל י ם. אַלע וועגן אָפּגעשניטן, אַלע וואַסערן, וואָס פליסן קײַן י ר ו ש ל י ם, פאַרשטאָפּט. האַרט ביז צו די מויערן גײען שוין די כ ש ד י ם צו. עס ווײַזט זיך שוין קעגן זײ קײַן העלד ניט מער. קײַן פײַל, קײַן שפּיז פון י ר ו ש ל י מ'ס זײַט ווערט שוין ניט געוואָרפן אויף זײ. אָבער י ר ו ש ל י ם נעמט דאָך דער פײַנט ניט אײַן.

אויף דער צווײטער זײַט מויער ליגט י ר ו ש ל י ם אויסגעשטאָרבן. ווי אַרויסגעוואָרפענע שמאַטעס וואַלגערן זיך איבער די גאַסן די שענסטע לײַבער פון די טעכטער פון י ר ו ש ל י ם. דאָס זײַנען זײ אַזוי דורך הונגער פון זײערע פּאַלאַצן אַרויסגעוואָרפן געוואָרן. אויסגעטריקנט, געלעכצט נאָך אַ טרונק, איז זײער בלוט פאַרשלאָפן געוואָרן אין זײ.

עס באַוועגט טײַלמאָל אַ פאַר'חל ש'טע פרוי מיט אַ האַנט און זוכט לעבן זיך איר אײנציק קינד, וואָס ווי אין ח ל ו ם שוועבט זײַן געשטאַלט פאַר איר. קריכנדיק אויף אַלע פיר, נײַגט דאָס קינד זײַן דאָרשטיק מײַלכעלע, זוכט פאַרשמאַכט דער מוטערס נאַרונג; גע־פינט די אויסגעדאַרטע ברוסט און נאָגט פון איר בלויז הוילע לופט אין זיך אַרײַן. ווי דורך אַ שלײַער פילט די פאַר'חל ש'טע מוטער איר קינד און טראָגט איר פאַרטריקנטע צונג אין דעם שטאַרבנדן קינדס מײַלכל אַרײַן.

שווײַגנדיק רוקט זיך צו די נאַכט. עס הילן זיך די גאַסן אין שאָטן אײַן. און אויף אַלע פיר הײַבן קראַנקע אָן פון זײַערע לעכער אַרויס־צוקריכן. צי זײַנען עס יונגע, צי זײַנען עס אַלטע? — אַלע זעען אויס גלײַך. זײ נײַגן זײַערע מײַלער צו דער ערד צו, לעקן מיט זײַערע צונ־גען, ווילן פון דער ערד אַוועקרויבן דעם טוי, וואָס די נאַכט הויכט אָן אויף איר. אָבער מיט שטויב דעקן זיך זײַערע מײַלער צו. טרוקן זײַנען די נעכט און לײַגן זיך שווער איבער דער ערד. פאַר'חל ש'ט, מיט ברענענדיקע בליקן, קוקט י ש ר א ל, ווי נאָך אַ י ש ו ע ה, אויס, נאָך דעם פײַנט. אָבער דער פײַנט קאָן י ר ו ש ל י ם ניט נעמען.

פאַרזינדיקט האָט זיך י ש ר א ל, און יאַהאַווע איז אַוועק פון אים. ער האָט זײ פון מ צ ר י ם אַרויסגענומען; זײ אין דעם פאַר־שפּראָכענעם לאַנד אַרײַנגעבראַכט, געשיקט צו זײ מ ש ה 'ן, אַ ת ו ר ה זײ געגעבן. געמײנט, זײ װעלן זײַן די לערער פון דער וועלט. דורך ד ו ר ו ת האָט ער זײ נ ב י א י ם געשיקט און אָנגעזאָגט: „נישט קײַן אָקסן און נישט קײַן קעלבער וויל איך פון אײַך; נישט קײַן געשרײען און ניט קײַן געבעט. דעם שוואַכן העלפט, פאַר דעם אָרימאַן און די י ת ו מ י ם נעמט זיך אָן". — האָבן זײ הינטער יעדן בוים זיך געצן געשטעלט, און פון אומווירדיקע פעלקער זיך מ י א ו ס'ע מ י ד ו ת געלערנט.

האָט אויפגעברענט דער צאָרן פון יאַהאַווען אויף זײַן אויסדער־ווײלט פאָלק, און ער האָט געשוואָרן — י ר ו ש ל י ם אונטערצוברענ־גען און דעם ב י ת ־ ה מ ק ד ש צו פאַרברענען. ער האָט אָפּגע־צויגן פון דער ערד, וואו מענשן האָבן אים אַ היים געשאַפן, איז אין די הימלען אַוועק, פאַרשלאָסן די הימלען, צוגעמאַכט דעם טויער פון ר ח מ י ם (ראַכמים), עס זאָלן צו אים קײַן געבעט און קײַן געוויין ניט צוקומען.

אָבער ווי אַ שפּיז שטעכט דורך דעם פאַרשלאָסענעם הימל אָן אײַנזאַמער געוויין. דאָס איז ירמיהו'ס געבעט, וואָס שפּאַרט אַזוי אין די הימלען אָן. אײַנגעוויקלט אין זײַן ווײַסן מאַנטל, דרייט ער זיך ווי אַ שאָטן אַרום. און ווי דער רוף פון קינד וועקט די גוסס'־דיקע מוטער פון טויט צוריק, אַזוי לאָזן **ירמיהו'ס** קרעכצען **ירושלים** ניט שטאַרבן.

## 34. צדקיהו געפאַנגען, ירושלים געפאַלן, דער טעמפּל פאַרברענט.

כמעט דרײַ יאָר צײַט האָט נבוכדנאצר באַלאַגערט די שטאָט ירושלים. און אין דעם פערטן חודש — תמוז (טאַמוז — אין דעם ניינטן טאָג אין חודש, האָט זיך געשטאַרקט דער הונגער אין שטאָט; עס איז ניט געווען מער קיין ברויט פאַר דעם פאָלק צו עסן.

איז די שטאָט אײַנגעבראָכן געוואָרן, און די מלחמה־לײַט זײַנען אַנטלאָפן בײַנאַכט דורך דעם שפּאַלט אין די מויערן און דורך דעם גאָרטן פונ'ם קעניג.

און צדקיהו מיט זײַנע קינדער האָבן זיך געלאָזט לויפן פון דער שטאָט ירושלים דורך אַן אונטערערדישן גראָבן, וואָס האָט זיך געצויגן פון קעניגלאַכן פּאַלאַץ ביז די סטעפּעס פון יריחו.

דערווײַל האָט אַ גרופּע בבל'ישע זעלנער דערזען אַ הירש און גענומען אים נאָכיאָגן. איז דער הירש געלאָפן, און זיי נאָך אים — ביז צו די סטעפּעס פון יריחו. און זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף צדקיהו'ן מיט זײַנע קינדער אין דער רגע, ווען יענע זײַנען אַרויס פון אונטער דער ערד.

האָבן די זעלנער זיי געכאַפּט און אָפּגעפירט צו נבוכדנאצר, דעם קעניג פון בבל, אין דער שטאָט רבלה (ריוולאָ).

בעט זיך צדקיהו בײַ נבוכדנאצר'ן: **הרג'ע מיך** פריער, איך זאָל ניט זען דעם טויט פון מײַנע קינדער.

און צדקיהו'ס קינדער האָבן געבעטן: טייט אונז פריער, מיר זאָלן ניט זען, ווי עס וועט פאַרגאָסן ווערן אונזער פאָטערס בלוט.

האָט נבוכדנאצר געהייסן שעכטן אַלע קינדער צדקיהו'ס פאַר די אויגן פון זייער פאָטער; דערנאָך האָט ער צדקיהו'ן אויסגעשטאָכן די אויגן, געשמידט אים אין קייטן און אָפּגעשיקט אין בבל.

און אין דעם צענטן טאָג אין דעם פינפטן חודש, אין אָב, איז געקומען אין ירושלים נבוזראַדן, דער הויפּט-גענעראַל פון׳ם קעניג פון בבל. ער האָט פאַרברענט דעם הייליקן טעמפּל און דעם קעניגס פּאַלאַץ און וואו נאָר אַ הויז פון אַ גרויסן מאַן. און די מויערן פון שטאָט האָט ער צעשטויסן.

און די אידן, וואָס זיינען געבליבן אין שטאָט, האָט נבוזראַדן געפאַנגען און פאַרטריבן זיי אין בבל.

## 35. נבוזראַדן באַפרייט ירמיהו׳ן.

איידער נבוזראַדן האָט פאַרטריבן די אידן אין בבל, האָט ער איבערגעלאָזן די אָרימסטע איינוואוינער אין לאַנד און זיי געגעבן פעלדער און ווייַנגערטענער. ער האָט באַשטימט גדליהו׳ן (גדאַליאָהון), דעם זון פון אחיקם, פאַר אַן אויפפּאַסער און אַן עלטסטן איבער די אַלע אידן, וואָס זיינען פאַרבליבן אין לאַנד.

און נבוכדנאצר, דער קעניג פון בבל, האָט אָנגע-זאָגט נבוזראַדנ׳ען, ער זאָל אָפּהיטן ירמיהו׳ן און אים ניט טאָן קיין שלעכטס; ער זאָל אים לאָזן פריי און לאָזן טאָן, וואָס ער וויל. האָט נבוזראַדן געשיקט זיינע מענשן, און זיי האָבן באַ-פרייט ירמיהו׳ן פון דעם טורמע-הויף און געבראַכט צו גדליהו׳ן. און נבוזראַדן האָט אים געזאָגט: „דו האָסט פאָרויסגעזאָגט דאָס אומגליק, וואָס איז געקומען אויף דעם דאָזיקן פּלאַץ. איצט האָב איך דיך באַפרייט פון דיינע קייטן, און דו קענסט טאָן, וואָס דו ווילסט: ווילסטו, קום מיט מיר קיין בבל, און ווילסטו — פאַרבלייב דאָ און זיי מיט גדליהו׳ן."

## 36. ירמיהו צווישן די פאַרטריבענע.

געטריבן האָט נבוזראַדן די אידן קיין בבל אַריין. פאַר דער מוטער רחל׳ס קבר האָט ער זיי פאַרבייַגעטריבן. אָפּגעשטעלט האָבן זיי זיך ביים קבר און אַרום אין פעלד זיך אַנידערגעלייגט און נישט געוואָלט ווייַטער גיין. אָבער געשלאָגן האָט זיי דער פייַנט מיט די רימענס און מיט די ריטער פון

דעם ק ב ר װעק. ער האָט אָפּגעריסן די קינדער מיט געװאַלד פֿון דער מוטערס שירץ. געשלעפּט האָט ער די קינדער פֿריער, און די מו־טערס זײַנען שױן אַלײן נאָכגעגאַנגען.



נ ב ו ז ר א ד ן טרײַבט די אידן אין בבל אַרײַן.

פֿאַרלאָזט האָבן די אידן דער מוטער ר ח ל'ס ק ב ר און זײַנען אין ג ל ו ת אַװעק. דער טאָג האָט אָנגעהױבן צו גרױען. אױפֿ'ן װעג איז אָנגעקומען דער נ ב י א י ר מ י ה ו. בײַם גרױען שײַן האָט ער דערזען די אַרױסגעטריבענע פֿון דערװײַטן. ער האָט זײ דער־קענט נאָך דער מ ח נ ה שװאַרצע רױב־פֿױגלען, װאָס זײַנען זײ נאָכגעפֿלױגן און זיך אָפּגעשטעלט אױף די קערפּערס פֿון די טױטע, געפּיקט פֿון זײ און מיט אַ „קראַ־קראַ" אַדורכגעלעכערט די לופֿט.

אַװעקגעיאָגט האָט י ר מ י ה ו די שװאַרצע פֿױגלען פֿון די געפֿאַלענע קינדער, זײַנע קלײדער אױסגעטאָן און די געשטאָרבענע

איינגעהילט. ער האָט אָפּגעטראָגן די טויטע פּונ׳ם וועג אויף אַ זײַט, זיי זאָלן אונטער די קעמל-טריט ניט צעטראָטן ווערן. לאַנג פאַרברענגען בײַ די טויטע האָט ער דאָך ניט געקענט.

איבערגעלאָזט די טויטע מיט אַ צעוויינטיקט האַרץ, לויפט ירמיהו אין דער שײַן פון דער זון נאָך די אַרויסגעטריבענע, מיט די דאַרע הענט קעגן הימל אויסגעשטרעקט. פון זײַנע פיס רינט בלוט. אָנגעטראָפן האָט ער די שוואַכע קינדער און די ווײַבער, וואָס האָבן ניט געקאָנט נאָכגיין דעם שטאַרקן מענער-טראָט. געטריבן האָבן זיי בבל׳ס זעלנער, מיט זייערע ריטער די שוואַכע קינדער נאָכגעשמיסן. געפאַלן זײַנען די קינדער, ווי די קליינע געשאָסענע טויבן פאַלן פון דער הייך, און זײַנען אויפ׳ן וועג געבליבן ליגן. מיט גוואַלד האָבן זיי די מוטערס פון די קינדער צעשיידט. אויפגעהויבן האָט דער נביא די קינדער פון וועג און אויף זײַנע הענט געטראָגן.

אָנגעקומען איז ירמיהו צו די אַלטע לײַט. געשמידט זײַנען געווען די חשובֿע מענער פון ירושלים; הענט און פיס אין אײַזערנע שטאַנגען אַרײַנגעבראַכט. דאָך האָט זיך דורך די קייטן אַרויסגעריסן זייער פרײַער מענער-בליק. מיט שטילן ערנסט און כבוד האָבן זיי זייער לייד איבערגעטראָגן. צווישן זיי איז געגאַנגען צדקיהו, דער לעצטער קעניג פון דוד׳ס הויז. העכער פון אַלעמען איז ער געווען. אויסגעשטאָכן די אויגן האָט אים דער פײַנט, אָבער פון זײַנע אויסגעלאָשענע אויגן איז שטענדיק אַ שטאָלצער בליק געפאַלן.

באַהאָפטן האָט זיך ירמיהו אין זיי; אַרײַנגעבראַכט זײַנע הענט אין זייערע קייטן און געבעטן זיך בײַם פײַנט: „שמיד מיך, ווי זיי״. דאָך, דער פײַנט האָט געהאַט דעם שטרענגן באַפעל פון זײַן מורא׳דיקן האַר נבוזראדן, ירמיהו׳ן ניט אָנצורירן. געוואוסט האָבן זיי, אַז ער איז אַ געטלאַכער מאַן.

אַז די אַלטע לײַט האָבן דערזען ירמיהו׳ן, איז אַ שטילע האָפענונג אַרײַנגעדרונגען צווישן זיי. דערוואַרט האָבן זיי צו הערן פון אים אַ טרייסט-וואָרט. אָבער פאַרשטומט זײַנען ירמיהו׳ס ליפּן געווען. ער האָט זיי ניט געבראַכט קיין טרייסט. ער האָט זיי אויך ניט געוואָלט דערמאָנען אָן זייערע זינד, נישט שיטן זאַלץ אויף די וואונדן. געשוויגן האָט ער און מיט טרערן זײַן צער געטרונקען.

אראָפּגעלאָזט האָבן די אַלטע די קעפּ צו דער ערד, ערגעץ וואו מיט די אויגן געקוקט און אָן ירושלים געדענקט.

דער נביא האָט מער ניט געקאָנט אויסהאַלטן זײַער בליק. ער איז אַנטלאָפן פון זיי און איז צו די יונגע בחורים אָנגעקומען. אײַנגעשפּאַנט זײַנען זיי געווען נאַקעט אין נבוזרדנ׳ס וועגענער און קײַן בבל ירושלים׳ס פּראַכט און רײַכטום געפירט. געבלישטשעט האָט דאָס גאָלד אויף די וועגענער און די טײַערע שטיינער. ישראל׳ס פּאָנען האָט ער אויפגעשטעלט אויף די וועגענער, און יהודה׳ס פּאָן האָט געפלאַטערט פון אויבן אויף מיט דעם לייב, וואָס איז אויף איר. שטאָלץ איז געווען דער פײַנט אויף דער פאָן פון דעם שטאַרקסטן פון ישראל און האָט זי הויך אויסגעשפּרייט אין דער זון.

אײַנגעשפּאַנט אין רימענס, האָבן די בחורים פון ירושלים די וועגענער געשלעפּט. געזען האָט דער נביא, ווי די בחורים האָבן געשלעפּט די קופּערנע בית-המקדש-זײַלן. צען בחורים בײַ יעדער זײַט פון זײַל האָבן אונטער דער שווערער לאַסט פון קופּער אָפּגעקרעכצט. אַזוי האָבן זיי אויף זייערע אַקסלען דעם בית-המקדש נאָך בבל געפירט. געריסן האָט זיך דער נביא צו זיי, געשריען מיט אַ שרעקלאַכן קול. אַז ער האָט דערזען די שטיקער פון בית-המקדש געשלעפּט פון פײַנט.

נבוזראדן איז געגאַנגען פאָרויס פאַר דעם גאַנג. ברוין איז זײַן שטאַרק געזיכט געווען, זײַן ברוסט אויפגעדעקט ביז אין ווײַטן לײַב אַרײַן. ווי די לעבער אין דער שוואַרצער נאַכט, האָבן זײַנע אויגן מיט צאָרן פון אונטער זײַן שווערן מעשענעם הוט אַרויסגעקוקט. געטראָטן איז פאַר נבוזראדנ׳ען דער נביא און געזאָגט אַזוי:

„נישט אַזוי גרויס נבוזראדן, נישט אַזוי שטאַרק נבוכדנאצר. נישט אײַער האַנט האָט ישראל׳ס מאַכט צעבראָכן. דו ביסט נאָר דער שטעקן, די רוט, וואָס מיט איר שטראָפט גאָט זײַן זון. ווען ישראל וואָלט נאָר צו זײַן פאָטער גערופן, וואָלט ער ווי דעם ווילדן הונט, ווי דעם אָקס, דיר אַ רינג אין די נאָזלעכער געשטעקט און דיך צוריקגעפירט אויף דעם וועג קײַן בבל צוריק, ווי ער האָט אַמאָל געטאָן צו אשור. נישט בבל׳ס

קינדער איז י ש ר א ל, וואָס דו פאַרגיסט אַזוי לײַכט זײַן בלוט. אָ, ציטער פאַר יעדן טראָפּן, וואָס דו פאַרגיסט! דו וועסט דאַרפן אָפּגעבן רעכענונג. דו וועסט מיט דײַן אײגן בלוט באַצאָלן פאַר יעדן שעפּעלע, וואָס דו האָסט פאַרצוקט".

נ ב ו ז ר א ד ן איז צוריקגעטראָטן, זײַן געזיכט איז געוואָרן בלײַך, זײַן האַרץ ווי וואַסער צעגאָסן — אַזוי האָט ער זיך דערשראָקן פאַר דעם נ ב י א'ס וואָרט. און ער האָט געענטפערט אַזוי:

„איך בין געקומען אויספירן די שטראָף איבער י ש ר א ל, וואָס דו אַלײן האָסט אָנגעזאָגט. אַלײן ביסטו אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן פון י ר ו ש ל י ם און דײַן אָ ב ל - ליד געקלאָגט, זײַ געוויזן דעם ס ו ף, וואָס וואַרט זײַ. אויסגעלאַכט האָבן זײַ דיך, אײן פינסטערער גרוב געוואָרפן; שטײנער האָבן זײַ אויף דיר געוואָרפן, דײַן מויל מיט ערד פאַרשטאָפּט. איצט קומסטו זיך אָננעמען פאַר זײַ"?

אַנטשוויגן איז באַלד געוואָרן י ר מ י ה ו פון נ ב ו ז ר א ד נ'ס רײד, געשלונגען האָט ער אין זיך זײַן צ ע ר; ער האָט באַשלאָסן צו פאַרלאָזן די פאַרטריבענע און אַוועק קײַן י ר ו ש ל י ם צוריק.

---

י ר מ י ה ו האָט זיך צעזעגנט מיט די פאַרטריבענע און זיך אומגעקערט צו די ח ו ר ב ו ת פון י ר ו ש ל י ם צו טרײסטן די, וואָס זײַנען דאָרט פאַרבליבן.

ווי די פאַרטריבענע האָבן דערזען, אַז י ר מ י ה ו שײדט זיך אָפּ פון זײ, האָבן זײ אָנגעהויבן צו װײנען:

— י ר מ י ה ו, אונזער פאָטער, אויף וועמען לאָזסטו אונז?

ענטפערט זײַ י ר מ י ה ו:

— הימל און ערד זײַנען מײַנע ע ד ו ת, אַז ווען איר װײנט אַזוי אײן מאָל אין צ י ו ן, וואָלט איר איצט ניט געווען דאָ קײן פאַרטריבענע.

מיט אַ צעווײטיקט האַרץ איז י ר מ י ה ו אַוועק קײַן י ר ו ש ל י ם. אויפ'ן גאַנצן וועג זעט ער ליגן צעזײט די קערפּערס און די גלידער פון זײַנע ברידער; אויף די קעפּ פון די בערגלאַך זעט ער דעם אַש פון די פאַרברענטע דערפער; די שענסטע טאָלן זײַנען פאַרוויסט און פאַרפינסטערט.

האָט זיך אַ גרויס קלאָג-ליד אַרויסגעריסן פון י ר מ י ה ו'ס האַרצן, און לאַנג האָט זיך עס געלאָזט הערן צווישן בערג און טאָלן.



ירמיהו קלאָגט אויפ'ן חורבן.

## 37. ג ד ל י ה ו.

און ג ד ל י ה ו דער זון פון אַ ח י ק ם האָט זיך באַזעצט אין מ צ פ ה (מיצפּאָ). און י ר מ י ה ו איז אויך געקומען צו ג ד ל י ה ו'ן און זיך באַזעצט צווישן די אַנדערע איבערגעבליבענע אין לאַנד.

אַ ס ך אידישע קריגס-פירער האָבן זיך געוועזן אויסבאַהאַלטן אין די פעלדער און אין די בערג, צוזאַמען מיט זייערע מענשן. ווען זיי האָבן דערהערט, אַז דער קעניג פון ב ב ל האָט איבערגעלאָזן אין לאַנד די אָרימע איינוואוינער און זייערע ווייבער און קינדער און באַשטימט איבער זיי ג ד ל י ה ו'ן, דעם זון פון אַ ח י ק ם, זיינען זיי אַלע געקומען צו אים. און ג ד ל י ה ו האָט זיי אַלעמען צוגעשוואָרן, אַז זיי האָבן גאָרנישט מ ו ר א צו האָבן. „איר קאָנט פאַרבלייבן, האָט ער זיי געזאָגט, און באַאַרבעטן דאָס לאַנד און דינען דעם קעניג פון ב ב ל — און עס וועט אייך זיין גוט. גייט, קלייבט צונויף די ת ב ו א ה פון די פעלדער און די וויינ-טרויבן פון די ווייַנגערטענער און די אייַלבערטן פון די אייַלבערט-ביימער און פאַרנעמט די שטעט"

האָבן די פאַרבליבענע אידן אַזוי געטאָן. און אַ סך אידן, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין מ ו אָ ב און ע מ ו ׳ ן און א ד ו ם, האָבן זיך אויך צוריקגעקערט אין דעם לאַנד י ה ו ד ה און פאַרנומען פעלדער און ווייַנגערטנער און האָבן זיך דאָרטן באַזעצט.

און י ו ח נ ן (יויכאָנאָן), דער זון פון ק ר ח (קאָרייַאַך), און די אַנדערע קריגס־עלטסטע וואָס מיט אים זייַנען געקומען צו ג ד ל י ה ו׳ן און אים געזאָגט: זייַ וויסן, אַז י ש מ ע א ל (אישמאָעל), דער זון פון נ ת נ י ה (נעסאַניאָ), וואָס שטאַמט פון דער קעניגלאַכער פאַמיליע, פלאַנט דיך צו ה ר ג׳ענען, און אַז דער קעניג פון ע מ ו ן האָט אים געשיקט אַהער דאָס צו טאָן. האָט ג ד ל י ה ו ניט געגלויבט די ריייד פון י ו ח נ ן. האָט אים י ו ח נ ן געזאָגט שטילערהייט: „לאָז מיך, וועל איך גייִן און הער׳ה ר ג׳ענען י ש מ ע א ל׳ן און זייַנע מענשן. אַז ניט, וועט ער דיך הער׳ה ר ג׳ענען, און אַלע אידן, וואָס האָבן זיך אַרומגעקליבן אַרום דיר, וועלן צעזייט ווערן".

האָט אים ג ד ל י ה ו אָנגעזאָגט: „זע, זאָלסט עס ניט טאָן, ווייַל דו זאָגסט ליגן וועגן י ש מ ע א ל׳ן".

און דעם ערשטן טאָג אינ׳ם זיבעטן ח ו ד ש איז י ש מ ע א ל צוזאַמען מיט צען פון זייַנע מענשן געקומען צו ג ד ל י ה ו׳ן, און זיי האָבן דאָרטן אין מ צ פ ה געגעסן מיט אים. דערנאָך זייַנען זיי אויפגעשטאַנען און האָבן דער׳ה ר ג׳עט ג ד ל י ה ו׳ן און די אַלע אידן, וואָס זייַנען מיט אים געווען. זיי האָבן אויך דער׳ ה ר ג׳עט די ב ב ל׳ישע סאָלדאַטן, וואָס זייַנען געווען פאַרבליבן מיט ג ד ל י ה ו׳ן. און קיינער האָט דערפון גאָרנישט געוואוסט.

און י ש מ ע א ל האָט גענומען געפאַנגען די אַנדערע אידן, וואָס זייַנען פאַרבליבן אַרום מ צ פ ה, און די קעניגלאַכע טעכטער, וואָס זייַנען דאָרט געווען, און האָט זיי אַוועקגעפירט אויפ׳ן וועג קיין ע מ ו ן.

און י ו ח נ ן, דער זון פון ק ר ח, און די אַנדערע קריגס־עלטסטע, וואָס מיט אים, האָבן דערהערט וועגן דער מ י א ו ס׳ער

טאַט פון ישמעאל'ן, האָבן זיי צונויפגענומען זייערע מענשן און זײַנען אַוועק מלחמה האַלטן קעגן ישמעאל'ן, און זיי האָבן אים געטראָפן לעבן גיבעון. ווען דאָס פאָלק, וואָס איז געווען מיט ישמעאל'ן, האָבן דערזען יוחנן בן קרח, האָבן זיי זיך דערפרייט און זיי זײַנען אַלע צוגעשטאַנען צו אים. און ישמעאל מיט אַכט פון זײַנע מענשן זײַנען אַנטלאָפן געוואָרן און אַוועק אין עמון.

## 38. די לעצטע אידן גייען אַוועק קיין מצרים.

און די קריגס־עלטסטע זײַנען געקומען צו ירמיהו דעם נביא און געזאָגט: ווי דו זעסט, זײַנען מיר געבליבן גאָר ווייניקע. פרעג בײַ יאַהאַווען, און זאָל ער דיר זאָגן, וואָס איז דער וועג, אויף וועלכן מיר זאָלן גיין. און מיר שווערן דיר, אַז וואָס דו וועסט אונז זאָגן, וועלן מיר טאָן.

אין צען טעג אַרום האָט ירמיהו גערופן יוחנן דעם זון פון קרח און די אַנדערע קריגס־עלטסטע און דאָס גאַנצע פאָלק וואָס מיט אים און האָט זיי געזאָגט: אַזוי איז געווען יאַהאַוועס וואָרט צו מיר: „אויב איר וועט בלײַבן זיצן אין דעם לאַנד, וועל איך אײַך אויפבויען און ניט צעשטערן; וועל איך אײַך אײַנפלאַנצן און ניט אויסרײַסן; האָט ניט קיין מורא פאַר'ן קעניג פון בבל; ער וועט אײַך קיין שלעכטס ניט טאָן. אויב אָבער איר וועט ניט פאָלגן און וועט גיין אין מצרים און דאָרטן בלײַבן וואוינען, וועט אײַך דאָרטן דערגרייכן די שווערד, פאַר וועלכער איר האָט מורא, און דער הונגער, וועגן וועלכן איר זאָרגט זיך”.

ווען ירמיהו האָט געענדיקט, האָבן די קריגס־עלטסטע געזאָגט: „ירמיהו זאָגט ליגן. יאַהאַווע האָט אים ניט געשיקט אונז זאָגן אַזעלכע רייד, דאָס רעדט אים אָן ברוך, דער זון פון נריה, כדי אונז איבערצוגעבן אין די הענט פון בבל און כדי אונז אויך פאַרטרײַבן אין בבל אַרײַן.

און יוחנן האָט גענומען די אַלע אידן וואָס זײַנען נאָך געווען פאַרבליבן אין לאַנד — מענער, פרויען און קינדער — און איז

אַוועק מיט זיי אין מ צ ר י ם. און י ר מ י ה ו דעם נ ב י א און ב ר ו ך דעם זון פון נ ר י ה האָבן זיי אויך מיטגענומען.

און דאָס לאַנד י ה ו ד ה איז געבליבן וויסט און ליידיק פון מענשן.

## 39. ביי די טייכן פון ב ב ל.

דעם גאַנצן וועג האָט נ ב ו ז ר א ד ן געטריבן די געפאַנגענע, ערגעץ זיך ניט אָפּגעשטעלט, ביז זיי זיינען געקומען צו די טייכן פון ב ב ל. דאָרטן האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט רוען.

האָבן די זעלנער פון ב ב ל זיך געזעצט אין איין זייט צו עסן און טרינקען, און די אידן פון דער אַנדער זייט — וויינען און קלאָגן.

האָט נ ב ו ז ר א ד ן געשיקט רופן די ל ו י י ם און זיי געהייסן שפּילן צום עסן מיט די מוזיק-אינסטרומענטן פון טעמפּל.

זיינען די ל ו י י ם געשטאַנען, געקוקט איינע אויף די אַנדערע און געזאָגט:

ניט גענוג, וואָס ער האָט ח ר ו ב געמאַכט דעם ב י ת - ה מ ק ד ש, וויל ער נאָך, דער נישט, מיר זאָלן שפּילן פאַר אים אויף די הייליקע אינסטרומענטן.

האָבן זיי זיך באַראַטן און צעהאַנגען די האַרפן אויף די ווייַדנ-ביימער ביים ברעג טייך. דערנאָך האָט יעדערער אַריינגעלייגט די האַנט זיך אין מויל אַריין און אַליין זיך אָפּגעביסן דעם גראָבן פינגער, כ ד י דער ר ש ע זאָל ניט נייטן זיי צו שפּילן.

## 40. י ח ז ק א ל (יעכעזקל).

די פאַרטריבענע אידן האָבן ביסלאַכווייַז זיך איינגעלעבט אין ב ב ל. י ה ו י כ י ן איז געזעסן אין טורמע, אָבער די אַנדערע אידן האָבן געפונען באַשעפטיקונג: געטאָן פאַרשידענע מ ל אָ כ ו ת, באַאַרבעט דאָס לאַנד און געהאַנדלט.

יעדן ש ב ת פלעגן זיך די אידן צונויפקומען, און די כ ו ה נ י ם פלעגן פאַר זיי פאַרלייענען קאַפּיטלאַך פון די הייליקע

ס פ ר י ם, וואָס זיי האָבן גענומען מיט זיך. און נ ב י א י ם פלעגן טרייסטן דאָס פאָלק, אַז עס וועט קומען אַ צייט, און זיי וועלן זיך צוריקקערן אין זייער לאַנד.

מיט עלף יאָר שפּעטער זיינען פאַרטריבן געוואָרן אין ב ב ל די איבעריקע אידן. דער בלינדער קעניג צ ד ק י ה ו איז אויך געווען מיט זיי. די פריערדיקע פאַרטריבענע האָבן באַקומען אַ טרויעריקן גרוס דורך זייערע ניי-אָנגעקומענע ברידער. זיי האָבן צוזאַמען געוויינט, און די עלטערע פאַרטריבענע האָבן געהאָלפן זייערע ערשט אָנגעקומענע ברידער איינצואָרדענען זיך אין דעם נייעם אָרט.

מיט דער צייט האָבן גאָר אַ ס ך פון די אידן זיך גוט איינגע-אָרדנט אין ב ב ל. אָבער די כ ו ה נ י ם און די ל ו ו י י ם האָבן געבענקט נאָך דעם טעמפּל. און פון די אַנדערע אידן האָבן אויך אַ ס ך ניט געקאָנט צוגעוואוינען זיך צום געדאַנק, אַז זיי וועלן דאַרפן פאַרבלייבן דאָ, אין דעם פרעמדן לאַנד. זיי האָבן געדענקט, אַז דער נ ב י א י ר מ י ה ו האָט פאָרויסגעזאָגט, אַז זיי וועלן אַמאָל זיך אומקערן אין י ר ו ש ל י ם, און האָבן שוין ניט געקאָנט דערוואַרטן זיך אויף דעם.

און ווען עס איז אַוועק אַ לאַנגע, לאַנגע צייט און מ'האָט די אידן ניט ערלויבט צו גיין צוריק אין זייער לאַנד, האָבן אַ ס ך פון זיי אָנגעהויבן צו צווייפלען, צי עס וועט גאָר אַמאָל קומען די צייט פון אויסלייזונג; דאָס געפיל פון אַנטוישונג האָט אָנגעהויבן טיף אַריינצודרינגען אין די הערצער פון די פאַרטריבענע. „מיר זיינען טרוקן גראָז", — האָבן זיי געזאָגט, — „וואָס וועט שוין קיינמאָל ניט צוריק לעבעדיק ווערן".

צווישן די פאַרטריבענע איז געווען איינער א נ ב י א, י ח ז ק א ל, י ח ז ק א ל. האָט ער איין מאָל די אַנטטוישטע און די פאַרצווייפלטע דערציילט, אַז ער האָט געהאַט אַ זעאונג:

„איינמאָל — האָט ער געזאָגט — איז אויף מיר געווען יאַהאָוועס האַנט און ער האָט מיך אויפגעהויבן מיט אַ ווינט און געבראַכט אין אַ טאָל. און דער טאָל איז פול געווען מיט ביינער, מיט זייער אַ ס ך ביינער, און אַלע זיי זיינען געווען זייער שטאַרק אויסגעטריקנט."

„און ער האָט צו מיר געזאָגט: מענטשן־זון! וועלן אָט די ביינער לעבעדיק ווערן? האָב איך געזאָגט: דו ווייסט דאָך בעסער. האָט ער מיר געזאָגט: זאָג נ ב י א ו ת אויף די דאָזיקע ביינער און זאָג זיי: „ביינער! אָט וועל איך אייך באַציען מיט אָדערן און וועל אייך באַדעקן מיט פלייש און אָנציען אויף אייך אַ הויט און וועל אַריינבלאָזן אין אייך אַ גייסט און איר וועט לעבעדיק ווערן”.

האָב איך אַזוי געטאָן און נ ב י א ו ת געזאָגט. האָט זיך דערהערט אַ טומל ווי אַ שטורעם: דאָס האָבן זיך די ביינער דערנעענטערט איינע צו די אַנדערע. און עס האָבן זיך אָנגעצויגן אויף זיי אָדערן, און זיי האָבן זיך באַדעקט מיט פלייש און זיי האָבן זיך באַצויגן מיט אַ הויט. נאָר קיין לעבן איז אין זיי ניט געווען.

האָט ער מיר געזאָגט: זאָג נ ב י א ו ת, מענטשן־זון, אויף דעם גייסט און זאָג: פון אַלע פיר עקן קום אָן, אָ גייסט, און בלאָז אַריין אין אָט די קערפּערס און זאָלן זיי לעבעדיק ווערן.

האָב איך אַזוי נ ב י א ו ת געזאָגט. און די קערפּערס זיינען לעבעדיק געוואָרן און זיך געשטעלט אויף די פיס — אַ גרויסע מ ח נ ה מענטשן.

און ער האָט מיר געזאָגט: „מענטשן־זון! די טרוקענע ביינער — דאָס זיינען די אידן, וואָס זאָגן: אויסגעטריקנט זיינען אונזערע ביינער, עס איז פאַרלאָרן יעדע האָפענונג אונזערע. דעריבער זאָג זיי: איך וועל אייך אַרויסנעמען פון אייערע ק ב ר י ם, און וועל אין אייך אַריינבלאָזן אַ לעבעדיקן גייסט און איר וועט אויפלעבן. און איך וועל אייך צוריקברענגען אינ׳ם אידישן לאַנד”.

אַ צווייט מאָל האָט י ח ז ק א ל אַזוי נ ב י א ו ת געזאָגט: „בערג פון י ש ר א ל! לאָזט פאַנאַנדער די בלעטער אויף די ביימער און ברענגט אייערע פרוכט פאַר מיין פאָלק י ש ר א ל, ווייל עס וועט זיך באַלד אומקערן. איך וועל זיך צו אייך אומקערן און איר וועט צעאַקערט ווערן און פאַרזייט ווערן. און איך וועל באַזעצן אויף אייך פיל מענטשן — דאָס גאַנצע הויז פון י ש ר א ל, און אייערע שטעט וועלן באַפעלקערט ווערן, און אייערע ח ו ר ב ו ת אויפגעבויט.

און מען וועט זאָגן דאָן: דאָס לאַנד, וואָס איז געווען פאַרוויסט, איז געוואָרן ווי דער גאָרטן פון ע ד ן, און אָט די שטעט, וואָס זיינען געלעגן אין ח ו ר ב ו ת, און זיינען געווען פאַרוויסט און צעשטערט, זיינען באַפעלקערט און גוט באַפעסטיקט”.

אזוי האָבן די נ ב י א י ם אויפגעהאַלטן דעם מוט פון די פאַרטריבענע און זייער האָפענונג אומצוקערן זיך צוריק אין דעם לאַנד, פון וואַנען זיי זײַנען געקומען.



י ח ז ק א ל זאָגט נביאות און האַלט אונטער דעם מוט פון די אידן.

# 41. דניאל, חנניה, מישאל און עזריה.

(דאַניעל, כאַנאַניאַ, מישאַעל און אַזאַריאַ.)

איינמאָל האָט דער קעניג פון בבל געהייסן דעם הויפּט פון זיינע הויפדינער, ער זאָל נעמען אַ צאָל פון די פּאַרטריבענע אידישע קינדער פון די איידל-לייט און פון קעניגלאַכן אָפּשטאַם. די אינגלאַך זאָלען זיין שיינע אין אויסזען און אָן אַ פעלער, פאַרשטענדלאַכע און וואוילקענעוודיקע און באַהאַוונט אין אַלערליי חכמות. ער זאָל זיי לערנען די שפּראַך און די שריפט פון די כשדים; ער זאָל זיי דערציען גאַנצע דריי יאָר. און אין סוף פון די דריי יאָר זאָלן זיי זיך שטעלן פאַר׳ן קעניג.

זיינען צווישן די אויסגעקליבענע אידישע קינדער געווען פיר פריינד, וואָס זייערע נעמען זיינען געווען: דניאל, חנניה, מישאל און עזריה.

און דער קעניג האָט באַשטימט פאַר די אויסגעקליבענע קינדער זייערע מאָלצייטן פונ׳ם קעניגס שפּייז און פון דעם וויין, וואָס ער טרינקט.

אָבער דניאל האָט פאַרטראַכט ביי זיך, ער זאָל ניט עסן פונ׳ם קעניגס שפּייז און ניט טרינקען פון זיין וויין. און ער האָט געבעטן דעם הויפט הויפדינער, ער זאָל אים און זיינע פריינד ניט געבן פון אָט די שפּייז.

האָט אים דער הויפּט הויפדינער געזאָגט: איך האָב מורא פאַר מיין האר דעם קעניג. טאָמער וועט ער זען, אַז איר זעט אויס ערגער, ווי די אַנדערע אינגלאַך פון אייער עלטער, וועל איך פאַר־שולדיקן מיין קאָפּ פאַר׳ן קעניג.

האָט אים דניאל געזאָגט: פּרוביר אויס, און זאָל מען אונז פירן געבן אין משך פון צען טעג בלויז גרינס און קערענער צו עסן און וואַסער צו טרינקען. דעמאָלט וועסטו פאַרגלייכן אונזער אויסזען מיט׳ן אויסזען פון די אַנדערע אינגלאַך.

האָט דער הויפּט פון די הויפדינער אַזוי געטאָן און זיי געפּרואווט געבן עסן בלויז גרינס און טרינקען בלויז וואַסער צען טאָג צייט. און צום סוף פון די צען טעג האָבן זיי אויסגעזען בעסער, ווי אַלע

אינגלאַך, וואָס האָבן געגעסן פונ׳ם קעניגס שפּײַז. נאָכדעם פלעגט דער הויפּט הויפּדינער אַוועקנעמען זיך די שפּײַז און דעם ווײַן, וואָס איז געווען באַשטימט פאַר זײ פיר, און געבן זײ בלויז גרינס און וואַסער.

און אין ס ו ף פון די דרײַ יאָר האָט דער הויפּט הויפּדינער פאַרגעבראַכט די יונגע מענשן פאַר דעם קעניג נ ב ו כ ד נ א צ ר. און דער קעניג האָט מיט זײ גערעדט, און ער האָט צווישן זײ אַלע ניט געפונען שענער, קליגער און פאַרשטענדיקער, ווי ד נ י א ל ח נ נ י ה, מ י ש א ל און ע ז ר י ה. און ער האָט זײ פירן געלאָזן בײַ זיך, זײ זאָלן שטײן פאַר׳ן קעניג.

און זײ זײַנען אין אַלע ח כ מ ו ת און אין פאַרשטענדיקײַט געוואָרן צען מאָל העכער פון אַלע ח כ מ י ם און צויבערער פון ב ב ל. און ד נ י א ל האָט זיך נאָך פאַרשטאַנען אויף ח ל ו מ ו ת און זעאונגען.

## 42. נ ב ו כ ד נ א צ ר׳ס ח ל ו ם.

איינמאָל האָט זיך נ ב ו כ ד נ א צ ר׳ן גע׳ ח ל ו מ׳ט א ח ל ו ם. אָבער ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער זײַן ח ל ו ם פאַרגעסן. איז ער געווען צעררודערט און שוין מער ניט געקענט שלאָפן.

האָט ער געהייסן רופן אַלע ח כ מ י ם, מ כ ש פ י ם און צויבערער פון ב ב ל און זײ געזאָגט: מיר האָט זיך גע׳ ח ל ו מ׳ט א ח ל ו ם. וויל איך, איר זאָלט מיר זאָגן, וואָס איז געווען דער ח ל ו ם און וואָס איז זײַן באַשײַדונג.

האָבן די ח כ מ י ם און די צויבערער געזאָגט: אונזער האַר און קעניג! זאָג אונז דעם ח ל ו ם, וועלן מיר דיר זאָגן זײַן באַשײַדונג. ווײַל עס איז ניטאָ אַזאַ מענש אויף דער ערד, וואָס זאָל קאָנען דעם מ ל ך זאָגן זײַן ח ל ו ם. און קײן גרויסער קעניג האָט נאָך קײנמאָל ניט פאַרלאַנגט אַזאַ זאַך פון זײַנע ח כ מ י ם און צויבערער.

האָט דער קעניג זײ געזאָגט: איך זע, איר ווילט פאַרציען און געווינען צײַט; איר ווילט זיך אַרויסדרייען מיט ליגן און אָפּנאַרערײַ.

ווייל איך אײַך נאָכאַמאָל זאָגן: אויב איר וועט מיך דערמאָנען דעם חלום און זאָגן זײַן באַשײַדונג, וועל איך אײַך געבן מתנות און איר וועט באַקומען גרויס כבוד. און וועט איר מיר דאָס ניט זאָגן, וועל איך אײַך הייסן צעהאַקן אויף שטיקער און אײַערע הײַזער פאַרוויסטן.

האָבן די צויבערער ווידער געזאָגט: „אָבער דאָס, וואָס דער קעניג פאַרלאַנגט, איז צו שווער פאַר אַ מענטשן צו ענטפערן".

איז דער קעניג געוואָרן אין כעס און אין גרויס צאָרן באַפוילן אויסצוה רג'ענען אַלע חכמים פון בבל. האָט מען אָנגעהויבן דורכפירן דעם באַפעל, און מ'האָט געזוכט אויך דניאל'ן און זײַנע חברים זיי צו טייטן. איז דניאל אַוועק צום הויפּט לײַבוועכטער פון'ם קעניג און אים געבעטן, ער זאָל אים געבן צײַט, און ער וועט דעם קעניג געבן די באַשײַדונג פון'ם חלום.

און אין דער זעאונג פון דער נאַכט האָט דניאל דערקענט, וועגן וואָס דער קעניג האָט געטראַכט און וואָס עס האָט זיך אים גע'חלומ'ט. איז ער אַוועק צום הויפּט לײַבוועכטער און אים געזאָגט: הער אויף אומצוברענגען די חכמים פון בבל. פיר מיך צום קעניג און איך וועל אים געבן די באַשײַדונג.

האָט דער לײַבוועכטער געבראַכט דניאל'ן צום קעניג און געזאָגט: דאָ איז איינער פון די פאַרטריבענע קינדער פון יהודה, וואָס קאָן דעם קעניג זאָגן די באַשײַדונג פון זײַן חלום.
האָט דער קעניג געפרעגט: „קאָנסטו מיר זאָגן דעם חלום און זײַן באַשײַדונג?"

האָט דניאל געענטפערט: „ווען דער קעניג איז געווען אויף זײַן געלעגער, האָט ער זיך פאַרטראַכט וועגן דעם, וואָס עס וועט געשען אין די שפּעטערדיקע צײַטן. האָט ער דערזען אַ גרויסע, אַ מורא'דיקע געשטאַלט. איר קאָפּ איז געווען פון גאָלד, אירע הענט און איר ברוסט פון זילבער, איר בויך און אירע לענדן — פון קופּער, אירע פיס — פון אײַזן און אירע זוילן — טיילוויז פון אײַזן, טיילווײַז פון ליים. און ער האָט געזען, ווי עס רײַסט זיך אָפּ אַ שטיין און קײַקלט זיך און גיט אַ קלאַפּ דער געשטאַלט אין די פיס, און די גאַנצע געשטאַלט ווערט צעבראָכן און צעשטויסן און פאַרוואַנדלט אין שטויב; און דער ווינט טראָגט אַוועק דעם שטויב און

עס בלײַבט ניט קײַן ס י מ ן פון אַלצדינג. און פון דעם שטײַן, וואָס האָט צעשלאָגן די געשטאַלט, איז געוואָרן אַ גרויסער באַרג, וואָס האָט אָנגעפילט די גאַנצע ערד. דאָס איז דער ח ל ו ם פון׳ם קעניג.

„און איצט װעל איך זאָגן דעם קעניג די באַשײַדונג. דו, קעניג, וואָס דו געוועלטיקסט איבער מענשן און ח י ו ת און פויגלען, וואָס דו האָסט רײַכקײַט און שטאַרקײַט און כ ב ו ד — דו ביסט דער קאָפּ פון גאָלד. נאָך דיר וועט אויפשטײַן אַן אַנדער מ ל ו כ ה, נידעריקער פון דיר — פון זילבער; און נאָכדעם אַ דריטע מ ל ו כ ה — פון קופּער, און נאָכדעם אַ פערטע מ ל ו כ ה — שטאַרק ווי אײַזן; און אַזוי ווי אײַזן וואָס צעברעכט, אַזוי וועט אָט די מ ל ו כ ה די אַלע פריערדיקע צעשטײַסן און צעברעכן. און אין די טעג פון אָט די מ ל כ י ם וועט אויפשטײַן אַ מ ל ו כ ה, וואָס וועט צעשטערן די אַלע פריערדיקע און וועט שוין פאַרבלײַבן אויף אײביק. דאָס איז דער שטײַן, וואָס האָט זיך אָפּגעריסן און צעשטויסן אַלצדינג.

„דאָס איז דער ח ל ו ם, קעניג, וואָס דו האָסט געזען און דאָס איז זײַן באַשײַדונג״.

ווען דער קעניג נ ב ו כ ד נ א צ ר האָט דאָס אויסגעהערט, איז ער געפאַלן אויף זײַנע קני און זיך געבוקט פאַר ד נ י א ל׳ן. און דער מ ל ך האָט גרויס געמאַכט ד נ י א ל׳ן, געגעבן אים פיל גרויסע מ ת נ ו ת און באַשטימט פאַר דעם עלטסטן איבער אַלע ח כ מ י ם פון ב ב ל. און ד נ י א ל איז פאַרבליבן אין פּאַלאַץ פון קעניג.

## 43. נ ב ו כ ד נ א צ ר אַ ח י ה אין וואַלד.

אין צוועלף ח ד ש י ם אַרום איז נ ב ו כ ד נ א צ ר אומגעגאַנגען אין קעניגלאַכן פּאַלאַץ, און ער האָט געטראַכט וועגן דער גרויסקײַט און רײַכקײַט פון׳ם פּאַלאַץ און וועגן זײַן כ ב ו ד און פּראַכט. האָט זיך דעם קעניג פון שטאָלץ און ר ו ם פאַרדרײט דער קאָפּ; און ער איז געוואָרן ווילד און איז אַוועק פון מענשן. ער איז געקומען אין וואַלד, און האָט דאָרט געוואוינט צוזאַמען מיט די ח י ו ת פון פעלד, און געגעסן גראָז, ווי אָקסן, און עס האָט אים

געגעצט דער טוי פון הימל. און זײַנע האָר זײַנען בײַ אים אויסגע־וואקסן ווי בײַ ח י ו ת און זײַנע נעגל ווי בײַ פויגלען.

אָבער אין ס ו ף פון זיבן יאָר, האָט נ ב ו כ ד נ א צ ר אויפגעהויבן זײַן קאָפּ צום הימל. און זײַן פאַרשטאַנד האָט זיך צו אים צוריקגעקערט. איז ער אַוועק צוריק אין זײַן הויפּטשטאָט און אין זײַן פּאַלאַץ. ער האָט צוריק באַקומען זײַן מענשלאַכן אויסזען. זײַנע באַאמטע און האַרן האָבן אים דערקענט און צוריק אָנערקענט. און ער האָט זיך ווידער געזעצט אויף זײַן טראָן; און ער האָט געפירט די מ ל ו כ ה נאָר מיט מער פעסטקײַט ווי פריער.

## 44. י ה ו י כ י ן ווערט באַפרייט.

ווען נ ב ו כ ד נ א צ ר איז געשטאָרבן, האָבן די אײַנוואוינער פון ב ב ל געוואָלט מאַכן זײַן זון, א ו י ל מ ר ו ד ך (עוויל מערוידאַך), פאַר קעניג.

האָט זיך א ו י ל - מ ר ו ד ך געזאָגט: „איר געדענקט דאָך, אַז איך בין שוין איינמאָל געוואָרן קעניג; דאָס איז געווען דאַן, ווען מײַן פאָטער איז געוואָרן ווילד ווי אַ ח י ה און איז אַוועק אין וואַלד אַרײַן. ווען מײַן פאָטער איז געקומען צוריק, האָט ער דעמאָלט מיך אַראָפּגעזעצט פון טראָן און אַרײַנגעזעצט אין טורמע. ווען איך זאָל איצט אײַך פאָלגן און ווידער ווערן קעניג, וועט מײַן פאָטער, ווען ער וועט קומען צוריק, מיר דער׳ ה ר ג׳ענען".

האָבן די אײַנוואוינער פון ב ב ל זיך געאײַלט, אַרויסגענומען דעם קערפּער פון נ ב ו כ ד נ א צ ר׳ן פון ק ב ר און אים אַרום־געשלעפּט איבער די גאַסן. זיי האָבן געוואָלט באַווײַזן, אַז דאָס מאָל איז נ ב ו כ ד נ א צ ר ווירקלאַך טויט.

האָבן זיך אַלע געפרייט, און א ו י ל - מ ר ו ד ך איז געוואָרן קעניג פון ב ב ל.

דעמאָלט האָט דער נײַער קעניג אַרויסגענומען פון טורמע דעם געפאַנגענעם אידישן קעניג י ה ו י כ י ן און אים דערנעענטערט צו זיך מער, ווי די אַנדערע געפאַנגענע קעניגן, וואָס זײַנען געווען אין ב ב ל. ער האָט אים אָנגעטאָן אין קעניגלאַכע קליידער און באַשטימט פאַר אים אַ שטענדיקע פענסיע אויף זײַן גאַנץ לעבן.

און י ה ו י כ י ן האָט זיך דערמאָנט אָן דעם גרויסן נ ב י א י ח ז ק א ל, וואָס איז געשטאָרבן אין ב ב ל און וואָס מ'האָט אים באַערדיקט לעבן דעם טײַך כ ב ר (קוואַר). און ער האָט געלאָזט אויפבויען אויף דעם ק ב ר פון י ח ז ק א ל'ען אַ פּראַכטפולע מ צ ב ה פון מירמלשטײַן, און דערבײַ אַ שול. אין אָט דער שול פלעגן אידן פון ב ב ל און שפּעטער אויך פון אַנדערע לענדער קומען דאַוונען.

## 45. כ ו ר ש (קוירעש).

די אידן וואָס האָבן געוואוינט אין ב ב ל, האָבן געבענקט נאָך זײַער אַלטער היים, נאָך י ה ו ד ה. אָבער כ ל - ז מ ן די קעניגן פון ב ב ל האָבן געהערשט מיט אַן אײַזערנער האַנט איבער אַלע לענדער, וואָס נ ב ו כ ד נ א צ ר האָט אײַנגענומען, האָבן זיי ניט געהאַט קיין האָפענונג אומצוקערן זיך צוריק קיין י ה ו ד ה.

אָבער אָט האָט דער פּערסישער קעניג כ ו ר ש אײַנגענומען דאָס לאַנד מ ד י (מאַדאַי) און געמאַכט אַן אויפשטאַנד קעגן ב ב ל. דאָס האָט אַרויסגערופן האָפענונגען אין אידישע הערצער. זיי האָבן געוואָלט, כ ו ר ש זאָל באַזיגן ב ב ל; און זיי האָבן געגלויבט, אַז ווען כ ו ר ש וועט זיגן, וועט ער זיי ערלויבן גיין צוריק אין י ר ו ש ל י ם, אויפבויען דאָרט דעם טעמפּל און אויפבויען דאָס אידישע לאַנד.

דער גרויסער אידישער נ ב י א פון יענער צײַט, י ש ע י ה דער צווייטער, האָט אַזוי נ ב י א ו ת געזאָגט: „אַזוי זאָגט יאַהאַווע צו זײַן געזאַלבטן קעניג כ ו ר ש: איך וועל דיך אונטערהאַלטן בײַ דער רעכטער האַנט; איך וועל אָפּשוואַכן די קעניגן און וועל לאָזן פאַלן פאַר דיר פעלקער. איך וועל פאַר דיר עפענען אַלע טירן און וועל ניט לאָזן פאַרמאַכן פאַר דיר די טויערן; איך וועל אויסגלײַכן פאַר דיר די קרומע ערטער; איך וועל צעברעכן פאַר דיר די אײַזערנע ריגלען, און וועל דיר אָוועקגעבן די א ו צ ר ו ת, וואָס זײַנען באַהאַלטן אין דער פינסטערניש. איך וועל דאָס טאָן, כ ד י אַלע מענשן פון מ ז ר ח ביז מ ע ר ב זאָלן וויסן, אַז איך בין אײנער; אַז איך בין דער, וואָס באַשאַפט ליכט און מאַכט פינסטערניש, וואָס ברענגט פרידן און גוטס און שאַפט קריג און שלעכטס".

און אויף ב ב ל האָט ער געזאָגט: „נידער אַרונטער, זעץ זיך אין שטויב, דו טאָכטער פון ב ב ל! זעץ זיך אויף דער ערד: ניטאָ מער קיין טראָן פאַר דיר, טאָכטער פון כ ש ד י ם! מ׳וועט דיך מער ניט רופן איידעלע און צערטלאַכע. נעם אַ האַנטמיל און מאָל מעל. דעק אויף דיין שלייער, אַנטפּלעק דיינע היפטן. איך וועל נ ק מ ה נעמען פון דיר, און ס׳וועט ניט זיין קיינער, וואָס זאָל דיר העלפן".

## 46. די שריפט אויף דער וואַנט.

און כ ו ר ש האָט געפירט זיינע אַרמייען קיין ב ב ל און באַלאַגערט די שטאָט. האָט ב ל ש אַ צ ר (בעלשאַצאַר), דער קעניג פון ב ב ל, אַרויסגעשיקט קעגן אים זיינע סאָלדאַטן און זיי אָנגעזאָגט, זיי זאָלן אָנפאַלן אויף די פּערסן ביינאַכט, ווען יענע וועלן זיך אויף דעם גאַרניט ריכטן. האָבן זיינע סאָלדאַטן אַזוי געטאָן און צעשלאָגן די פּערסן.

האָט זיך ב ל ש אַ צ ר געפרייט און געמאַכט אַ גרויסן מאָל-צייט. ער האָט געהייסן ברענגען די אַלע זילבערנע און גאָלדענע כ ל י ם, וואָס זיין זיידע נ ב ו כ ד נ א צ ר האָט אַרויסגענומען פון טעמפּל אין י ר ו ש ל י ם, און געטרונקען פון זיי ווײַן. און ער האָט געטרונקען און גע׳ ש י כ ו ר׳ט אַ גאַנצע נאַכט. און ווען ער איז געוואָרן צעהיצט פונ׳ם ווײַן, האָט ער זיך אויפגעהויבן און אויס-גערופן: „ניטאָ קיין גרעסערער פון מיר! קיינער קאָן זיך ניט שטעלן מיר אַנטקעגן"!

און אין דעם מאָמענט האָט זיך באַוויזן אַ האַנט און געשריבן אויף דער וואַנט. און דער קעניג האָט געזען די האַנט שרייבן און ער איז פאַרציטערט געוואָרן. האָט ער געהייסן ברענגען אַלע צויבערער און שטערנזעער און זיי געזאָגט: „ווער פון אייך עס וועט קאָנען איבערלייענען, וואָס עס איז אָנגעשריבן אויף דער וואַנט און דערקלערן דעם אינהאַלט דערפון, וועט מען אים אָנקליידן אין פּורפּור, און ער וועט געוועלטיקן איבער אַ דריטל פון דער מ ל ו כ ה".

האָבן די ח כ מ י ם פון ב ב ל געקוקט אויף דער שריפט אויף דער וואַנט, און קיינער פון זיי האָט ניט געקאָנט איבערלייענען זי און ניט געקאָנט דערקלערן זי דעם קעניג.

איז דער קעניג געוואָרן דערשראָקן, און די פאַרב פון זײַן פּנים האָט זיך געביטן, און זײַנע האַרן זײַנען צעטומלט געוואָרן. האָט דערמאָלט די קעניגין געזאָגט צום קעניג: שרעק זיך ניט, און זײַ ניט צעטומלט. בײַ דיר אין לאַנד איז פאַראַן אַ מאַן אַ קלוגער און אַ פאַרשטענדיקער, דניאל איז זײַן נאָמען. דײַן פאָטער נבוכדנאצר האָט אים געמאַכט פאַר דעם עלטסטן איבער אַלע חכמים פון בבל. ער האָט די קראַפט צו צעבינדן קנופּן און צו באַשײַדן רעטענישן. זאָל מען אים רופן, וועט ער דיר געבן די באַשײַדונג פון דער שריפט אויף דער וואַנט.

האָט מען געבראַכט דניאל'ן, און דער קעניג בלשאצר האָט אים געזאָגט: „דו זעסט די אויפשריפט אויף דער וואַנט? אויב דו וועסט זי קאָנען איבערלײַענען און געבן מיר איר באַשײַדונג, וועל איך דיך לאָזן אָנטאָן אין פורפור-קלײַדער און אַרויפלײגן אַ גאָלדענע קייט אויף דײַן האַלז, און דו וועסט זײַן דער דריטער נאָכ'ן קעניג צו געוועלטיקן איבער'ן גאַנצן לאַנד".

האָט דניאל געענטפערט: „דײַנע מתנות, קעניג, דאַרף איך ניט, און דײַנע געשאַנקען גיב אַן אַנדערן, נאָר די שריפט אויף דער וואַנט וועל איך דורכלײַענען און איר באַשײַדונג וועל איך דיר זאָגן".

„דו, קעניג, ביסט געווען שטאָלץ. דו האָסט געהײסן ברענגען די כלים פון גאָטס הויז און האָסט פון זיי געטרונקען ווײַן אַלײן און דײַנע ווײַבער און דײַנע האַרן; און דו האָסט דערבײַ געלויבט די געטער פון זילבער און פון גאָלד, און פון קופּער, און פון אײַזן, און פון האָלץ, און פון שטיין, וואָס ניט זיי זעען און ניט זיי הערן, און ניט זיי ווייסן. איז הערפאַר אַרויס אַ האַנט און האָט אָנגעשריבן אויף דער וואַנט די דאָזיקע ווערטער: מנא מנא תקל ופרסין (מני, מני, טקיל אופאַרסין) — דאָס מיינט: מ'האָט געציילט און געוואויגען דײַן מלוכה און דיך אויף דער וואָגשאָל און געפונען

שולדיק. וועט דיין מ ל ו כ ה דערפאַר צעטיילט ווערן און איבער־געגעבן ווערן צו פ ר ס ו מ ד י".

דעמאָלט האָט ב ל ש אַ צ ר באַפוילן און מ׳האָט אָנגעטאָן ד נ י א ל ׳ן אין פורפור־קליידער, און אַ גאָלדענע קייט האָט מען אים אָנגעטאָן אויפ׳ן האַלז און מ׳האָט אים באַשטימט פאַר דעם דריטן צו געוועלטיקן איבער דעם גאַנצן לאַנד.

און אין יענער זעלבער נאַכט האָט מען געטויט ב ל ש אַ צ ר ׳ן, דעם קעניג פון ב ב ל.



ד נ י א ל פאַרטייטשט די שריפט אויף דער וואַנט.

## 47. כ ו ר ש דערלויבט די פאַרטריבענע זיך צוריקצוקערן.

ווען כ ו ר ש האָט איינגענומען ב ב ל, האָט ער ניט פאַרגעסן, וואָס עס האָבן וועגן אים גערעדט די אידישע נ ב י א י ם. האָט ער אַרויסגעלאָזן אַן אויפרוף צו אַלע אידן איבער זיין גאַנץ לאַנד. און אין דעם אויפרוף האָט ער געזאָגט אַזוי: „יאַהאַווע, דער אידישער גאָט, האָט מיר איבערגעגעבן אַלע לענדער פון דער וועלט און ער האָט מיר באַפוילן, איך זאָל לאָזן אויפבויען זיין הויז אין י ר ו ש ל י ם.

„דעריבער זאָל יעדער איינער פון אייך, וואָס וויל נאָר, צוריקגיין אין י ר ו ש ל י ם, וואָס אין י ה ו ד ה, און זאָל דאָרט העלפן אויפבויען דאָס הויז פון גאָט. און די פון די אידן, וואָס וועלן פאַר־בלייבן אויף די ערטער, זאָלן העלפן די, וואָס קערן זיך אום, מיט זילבער און מיט גאָלד און מיט אַנדערע גוטס".

האָבן זיך אויפגעהויבן די עלטסטע פון אַ ס ך מ ש פ ח ו ת פון די פאַרטריבענע אידן, און עס זיינען צו זיי צוגעשטאַנען אַ ס ך פון די אידן און פון די כ ו ה נ י ם און ל ו י י ם, אינגאַנצן איבער פערציק טויזנט מענשן, און זיי האָבן זיך געגרייט אין וועג אַריין, צוריק קיין י ה ו ד ה און י ר ו ש ל י ם. און די אידן, וואָס זיינען פאַרבליבן אין ב ב ל, האָבן זיי געשטיצט מיט זייער געלט און מיט זייער האָב און גוטס.

און כ ו ר ש האָט געהייסן, מ׳זאָל די, וואָס קערן זיך אום קיין י ר ו ש ל י ם, אַרויסגעבן די כ ל י ם פון טעמפּל, וואָס נ ב ו כ ד נ א צ ר האָט צוגענומען און געבראַכט אין ב ב ל. האָט מען עס איבערגעגעבן דעם עלטסטן פון די אידן, דעם פירשט ז ר ו ב ב ל (זרובאַוועל), אַן אייניקל פון׳ם קעניג י ה ו י כ י ן, און י ש ו ע׳ן (יעישואַן), אַן אייניקל פון׳ם לעצטן כ ו ה ן - ג ד ו ל. **האָבן זיי זיך געלאָזן אין וועג אַריין.**

## 48. מ׳לייגט דעם פונדאַמענט פונ׳ם נייעם טעמפּל.

און אין אַ צייט אַרום, נאָך אַ שווערן וועג, האָט די גאַנצע פּאַרטיע דערגרייכט די שטאָט ירושלים. און זיי האָבן זיך אָנגעהויבן באַזעצן אויפ׳ן לאַנד.

און אַז עס איז געקומען דער זיבעטער חודש, האָט זיך דאָס גאַנצע פאָלק פאַרזאַמלט ווי איין מאַן קיין ירושלים. און ישוע און זיינע ברידער, די כהנים, און זרובבל און זיינע ברידער האָבן אויפגעשטעלט אַ מזבח און געבראַכט אויף אים קרבנות. און זיי האָבן געפייערט דעם יום־טוב סוכות.

און זיי האָבן געגעבן געלט צו די שטיינהאַקער און צו די האָלצ־אַרבעטער; און צו די איינוואוינער פון צור און צידון האָבן זיי געגעבן שפּייז און אָיל און געטראַנקען, זיי זאָלן ברענגען צעדער־האָלץ פון לבנון מיט׳ן ים אין פליטן ביז צו דעם האַפן פון יפו (יאַפע).



מ׳לייגט דעם פונדאַמענט פונ׳ם טעמפּל.

און ז ר ו ב ב ל און י ש ו ע האָבן אוועקגעשטעלט די ל ו ו י י ם אָנצופירן די אַרבעט פאַר׳ן טעמפּל און אויפצופאַסן אויף די ב ע ל י - מ ל א כ ו ת. און ווען מ׳האָט אוועקגעלייגט דעם פונדאַמענט פונ׳ם טעמפּל, האָט מען געמאַכט אַ י ו ם - ט ו ב. און די כ ו ה נ י ם האָבן אָנגעטאָן זייערע כ ה ו נ ה-קליידער און די ל ו ו י י ם האָבן געשפּילט אויף זייערע אינסטרומענטן און געזונגען לויב-לידער. און דאָס גאַנצע פאָלק האָט זיך געפרייט און געיובלט.

אָבער פיל פון די אַלטע לייט, וואָס האָבן נאָך געזען און געדענקט דעם טעמפּל, וואָס איז ח ר ו ב געוואָרן, האָבן געוויינט אויף אַ ק ו ל. און די פרייד-אויסגעשרייען און דער געוויין האָבן זיך אויס-געמישט און האָבן זיך געלאָזט הערן ווייט אַרום.

## 49. די מ ס י ר ה.

אַז די פיינט פון י ה ו ד ה, די ש ו מ ר ו נ י ם (שוימרוינים), האָבן דערהערט, אַז די, וואָס האָבן זיך אומגעקערט פון ג ל ו ת, האָבן גענומען בויען דעם טעמפּל, זיינען זיי געקומען צו ז ר ו ב ב ל׳ען און צו די עלטסטע פון די אידן און געזאָגט: לאָזט אונז בויען צוזאַמען מיט אייך, ווייל מיר ברענגען אויך ק ר ב נ ו ת צו אייער גאָט יאַהאַווע פון די טעג אָן, וואָס דער קעניג פון אַ ש ו ר האָט אונז געבראַכט אַהער.

האָבן ז ר ו ב ב ל און די עלטסטע זיי געענטפערט: איר זייט פרעמדע און קענט ניט בויען צוזאַמען מיט אונז; מיר וועלן אַליין בויען דאָס הויז פון אונזער גאָט, ווי עס האָט אונז געהייסן כ ו ר ש, דער קעניג פון פּ ר ס.

האָבן די איינוואוינער פון לאַנד, די ניט אידן, אָפּגעשוואַכט די הענט פון די אידן און זיי אָפּגעשראָקן פון בויען. און זיי האָבן אָנגע-דונגען מענשן, וואָס האָבן געשטערט אין דער בוי-אַרבעט.

און ווען עס איז געשטאָרבן כ ו ר ש, דער קעניג פון פּ ר ס, האָבן די פיינט פון די אידן אָנגעשריבן צום נייעם קעניג אַן אָנקלאַגע אויף די איינוואוינער פון י ה ו ד ה און י ר ו ש ל י ם.

„זיי ווייסן, קעניג, — האָבן זיי געשריבן, — אַז די אידן, וואָס האָבן זיך אומגעקערט פון ב ב ל אַהער צו אונז אין י ר ו ש ל י ם,

בויען איבער און פאַרפעסטיקן די ווידערשפעניקע שטאָט ; זיי מאַכן שטאַרקער די ווענט און פעסטער זייער פונדאַמענט.

„ווען די שטאָט וועט איבערגעבויט ווערן און פאַרפעסטיקט ווערן, וועלן זיי אויפהערן צו צאָלן שטייערן, און דעם קעניגס איינקונפט וועט דערפון ליידן. זאָל דער קעניג לאָזן נאָכזוכן אין די כראָניק־ביכער פון זיינע עלטערן, וועט ער אויסגעפינען, אַז אָט די שטאָט איז אַ ווידערשפעניקע; אַז זי האָט פון אַלעמאָל אָן געמאַכט בונטן און אויפשטאַנדן, און אַז זי ברענגט נאָר שאָדן די קעניגן און די מ ד י נ ו ת. דערפאַר טאַקע האָט מען זי ח ר ו ב געמאַכט. און ווייל מיר עסן דאָס ברויט און זאַלץ פונ׳ם קעניג און קאָנען ניט פאַרליידן דעם קעניגס שאָדן, שרייבן מיר וועגן דעם דעם קעניג. און מיר וואָרנען דיך, אַז ווען די שטאָט וועט איבערגעבויט ווערן, וועסטו מער קיין ח ל ק ניט האָבן אויף דער זייט פונ׳ם טייך".

האָט דער קעניג זיי אויף דעם געענטפערט : „מיר האָבן געלייענט אייער בריף און מיר האָבן נאָכגעזוכט און אויסגעפונען, אַז די שטאָט י ר ו ש ל י ם האָט זיך שטענדיק אויפגעהויבן קעגן קעניגן און געמאַכט בונטן און אויפשטאַנדן. איר זאָלט דעריבער שטערן די אידן איבערצובויען די שטאָט, ביז איך וועל ניט היייסן".

ווען אָט דער ענטפער האָט זיך באַקומען, זיינען די פיינט פון די אידן אויף גיך אַוועק קיין י ר ו ש ל י ם און מיט מאַכט און גוואַלט געשטערט די אידן אָנצוגיין מיט דער אַרבעט. דעמאָלט האָט זיך אָפּגעשטעלט די אַרבעט אויפ׳ן טעמפּל, און זי איז געווען אָפּגעשטעלט ביז׳ן צווייטן יאָר פונ׳ם קעניגן פון ד ר י ו ש (דאַריאָוועש), דעם קעניג פון פּ ר ס.

## 50. דאָס בויען פונ׳ם טעמפּל ווערט באַנייט.

אין יענער צייט האָבן די אידן געהאַט די נ ב י א י ם ח ג י (כאַגאַי) און ז כ ר י ה ו (זכאַריאָהו). האָבן די נ ב י א י ם אויפגעוואָרפן די אידן, פאַרוואָס זיי האָבן אָפּגעלאָזן דאָס בויען, און גענומען צוגעבן זיי מוט מיט זייערע רייד, זיי זאָלן באַנייען די אַרבעט. זיינען ז ר ו ב ב ל און י ש ו ע און די אידן ווידער צוגעטראָטן צו בויען דעם טעמפּל און צו פאַרריכטן די מויערן פון שטאָט.

איז געקומען דער פּערסישער פאַרוואַלטער פון יענער גאַנצער געגנט און געפרעגט די אידן, ווער האָט זיי געגעבן די ערלויבעניש

צו בויען דעם טעמפּל און צו פּאַרפעסטיקן די ווענט, און ווער זיינען די אָנפירער פון דער אַרבעט.

האָבן די אידן געענטפערט: „מיר בויען צוריק אויף דאָס הויז, וואָס איז שוין געווען געבויט מיט פיל יאָר צוריק. אַ גרויסער קעניג פון י ש ר א ל האָט עס אויפגעבויט. נאָר ווייל אונזערע עלטערן האָבן געזינדיקט, זיינען זיי באַזיגט געוואָרן פון נ ב ו כ ד נ א צ ר, דעם קעניג פון ב ב ל. ער האָט צעשטערט דאָס דאָזיקע הויז און פאַרטריבן דאָס פאָלק פון י ה ו ד ה אין ב ב ל אַריין.

„אָבער אין דעם ערשטן יאָר פון כ ו ר ש, דעם קעניג פון פ ר ס, האָבן מיר באַקומען אַ דערלויבעניש ווידער אויפצובויען דעם דאָזיקן טעמפּל; ער האָט אונז אויך מיטגעגעבן די גילדערנע און זילבערנע כ ל י ם פונ׳ם טעמפּל, וואָס נ ב ו כ ד נ א צ ר האָט זיי אַוועקגעפירט אין ב ב ל אַריין. זיינען מיר, לויט דעם באַפעל פונ׳ם קעניג כ ו ר ש געקומען אַהער און אָנגעהויבן צו בויען דעם טעמפּל; נאָר ער איז נאָך ניט פאַרטיק ביז היינט צו טאָג״.

האָט דער פאַרוואַלטער אָנגעשריבן אַ בריף וועגן דעם צו ד ר י ו ש, דעם קעניג פון פ ר ס, און געבעטן נאָכזוכן, צי די זאַך איז אַזוי. אָבער ביז ער וועט באַקומען אַן ענטפער אויף דעם בריף, האָט ער ניט געשטערט די אידן אָנצוגיין מיט זייער אַרבעט.

ווען ד ר י ו ש האָט באַקומען דעם בריף, האָט ער געלאָזט נאָכזוכן אין די אַרכיוון פונ׳ם קעניג. האָט מען דאָרטן געפונען אַ מ ג י ל ה, אין וועלכער עס איז געווען פאַרשריבן דער באַפעל פון כ ו ר ש׳ן, דעם קעניג פון פ ר ס, מ׳זאָל לאָזן די אידן אומקערן זיך אין י ר ו ש ל י ם, זיי זאָלן דאָרטן אויפבויען דאָס הייליקע הויז, און מ׳זאָל זיי פונ׳ם קעניגס א ו צ ר ו ת געבן געלט אויף די ה ו צ א ו ת פון בויען, און מ׳זאָל זיי מיטגעבן די כ ל י ם פון טעמפּל, וואָס נ ב ו כ ד נ א צ ר האָט צוגענומען.

האָט ד ר י ו ש באַפוילן דעם פאַרוואַלטער פון דער געגנט, ער זאָל לאָזן די אידן רואיק אָנגיין מיט זייער אַרבעט פון בויען דעם טעמפּל. ער האָט אויך באַפוילן, מ׳זאָל די עלטסטע פון די אידן געבן פון די איינקונפטן פונ׳ם קעניג אויף די אויסגאַבן פון בויען, ווי אויך אויף צו קויפן ק ר ב נ ו ת פאַר דעם טעמפּל. און די אַלע, וואָס וועלן וואַגן צו שטערן אין דער אַרבעט, האָט ער באַפוילן שטרענג צו באַשטראָפן.

די אידן האָבן דאַן מיט מער מוט זיך גענומען צו דער בוי־אַרבעט.

און אין זעקסטן יאָר פון׳ם קעניג ד ר י ו ש איז דער טעמפּל פאַרטיק געוואָרן. דעמאָלט האָבן אַלע אידן פון י ר ו ש ל י ם און פון אַרום דער שטאָט זיך פאַרזאַמלט אין הויף פון טעמפּל און באַ-נײַט די געבײַדע מיט גרויס פרייד. און ווען עס איז אינגיכן אָנגעקומען דער י ו ם -ט ו ב פון פ ס ח, האָבן אַלע אידן געפײַערט דעם יום-טוב פון מ צ ו ת מיט אַ ס ך פרייד גאַנצע זיבן טעג.

## 51. ע ז ר א דער ס ו פ ר קומט אין י ר ו ש ל י ם.

אין ב ב ל האָט זיך געפונען אַ געלערנטער מאַן, ע ז ר א דער ס ו פ ר. ער איז זייער גוט באַקאַנט געווען מיט אַלע אידישע הייליקע ביכער און ער פלעגט איבערשרײַבן די ביכער פון מ ש ה׳ס ת ו ר ה, וואָס ער אַליין האָט אין דער ענדגילטיקער פאָרמע צוזאַ-מענגעשטעלט.

ער איז געווען זייער שטאַרק אָנגענומען בײַם פּערסישן קעניג אַרטאַקסערקס, און דער קעניג האָט אים נאָכגעגעבן יעדע ביטע זײַנע.



דער קעניג גיט ע ז ר א׳ן אַ בריף.

האָט עזרא געבעטן בײַם קעניג, ער זאָל אים ערלויבן גײן אין ירושלים אין דער שפּיץ פון אַ גאַנצער גרופּע אידן, וואָס ווילן זיך אומקערן קײן יהודה. האָט דער קעניג דאָס אים ערלויבט. און ער האָט געגעבן עזרא'ן אַ בריף, אין וועלכן ער האָט געשריבן אַזוי:

„פון אַרטאַקסערקס, דעם קעניג פון פּרס, צו עזרא, דעם כוהן, דעם שרײַבער פון דעם געזעץ פון דעם גאָט פון הימל. איך באַפעל, אַז יעדער אײנער פון די אידן, וואָס וויל גײן מיט דיר אין ירושלים, מעג גײן. דער קעניג און זײַנע זיבן ראַטגעבער שיקן דיך נאָכצופאָרשן וועגן יהודה און ירושלים און אָפּצופירן אַהין דאָס גאָלד און זילבער, וואָס דער קעניג און זײַנע ראַטגעבער האָבן געשענקט פאַר דעם הײליקן טעמפּל אין ירושלים, ווי אויך אַלצדינג, וואָס דאָס פאָלק און די כוהנים וועלן שענקען פאַר דעם טעמפּל. איר וועט דאָס גאָלד און זילבער אויסגעבן לויט אײַער ווילן און לויט די געזעצן פון אײַער תורה. און איך־באַפעל, אַז מען זאָל ניט אַרויפלײגן קײן שום שטײַערן אויף די כוהנים און די אַנדערע דינער פון דעם טעמפּל. און דיר, עזרא, גיב איך דאָס רעכט — לויט דײַן חכמה און פאַרשטאַנד, שטעל אָן ריכטער, וואָס זאָלן משפּט'ן דאָס פאָלק פון יהודה לויט די געזעצן פון אײַער תורה. און דער וואָס וועט ניט פאָלגן דאָס געזעץ פון דער תורה און דאָס געזעץ פון דעם קעניג, זאָל גיך באַקומען זײַן משפּט, און ער זאָל באַשטראָפט ווערן אָדער מיט טויט־שטראָף, אָדער מיט פאַרטרײַבונג, אָדער מיט געלט־שטראָף, אָדער מיט טורמע".

האָט עזרא צונויפגעקליבן די אַלע אידן, וואָס האָבן געוואָלט איבערוואַנדערן אין יהודה, און זײ האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן. און עזרא האָט אין יעדן פּלאַץ געוויזן די פירשטן און די אָנגעשטעלטע פון'ם קעניג זײַנע פולמאַכט־בריף, און יענע אַלע האָבן אים געהאָלפן, ביז ער איז געקומען קײן ירושלים.

און ווען עזרא איז אָנגעקומען, האָט מען פאַררופן אין ירושלים אַ גרויסע פאַרזאַמלונג פון אַלע אידן, וואָס האָבן געוואוינט אין יהודה. מ'האָט געלאָזט וויסן, אַז אויב אײנער וועט ניט קומען אין דרײַ טעג אַרום, וועט מען אים אָפּשײדן פון דער גאַנצער געמײנדע און זײַן פאַרמעגן וועט קאָנפיסקירט ווערן.

זײַנען אַלע אידן געקומען קײַן ירושלים און זיך פֿאַרזאַמלט אויף דער דער גאַס פֿאַר׳ן טעמפּל. עס האָט שטאַרק גערעגנט, אָבער דאָס האָט ניט אָפּגעהאַלטן קײנעם פֿון די אידן פֿון קומען.

פֿאַר עזרא׳ן האָט מען אויפֿגעבויט אַ בימה. האָט עזרא געבראַכט דאָס בוך פֿון משה׳ס תורה, איז אַרויף אויף דער בימה און אָנגעהויבן פֿאַרצולײענען פֿון דער תורה פֿאַר די פֿאַרזאַמלטע מענער און פֿרויען. ווען עזרא האָט געעפֿנט דאָס בוך, האָבן זיך אַלע אויפֿגעשטעלט. עזרא האָט געלײענט אויף העברע־איש, און אײניקע פֿון די לויים האָבן דאָס איבערזעצט און דער־קלערט אויף דער שפּראַך, וואָס דאָס פֿאָלק האָט גערעדט — אויף אַראַמיש.

און עזרא האָט פֿאַרגעלײענט אויך דעם פּלאַץ, וואו עס שטײט געשריבן, אַז אידן טאָרן ניט חתונה האָבן מיט פֿרויען פֿון אַנ־דערע פֿעלקער. און צווישן די פֿאַרזאַמלטע זײַנען געווען זײער אַ סך אַזעלכע, וואָס האָבן זיך גענומען פֿאַר פֿרויען טעכטער פֿון די שומרונים, פֿון מואב, פֿון עמון און פֿון אַנדערע פֿעל־קער. האָבן די פֿאַרזאַמלטע פֿאַרשטאַנען, אַז זײ האָבן געזינדיקט, און זײ האָבן געוויינט.

און אײניקע פֿון די פֿאַרזאַמלטע האָבן געזאָגט צו עזרא׳ן: עס גיסט אַ רעגן און עס איז ניט באַקוועם דאָ צו שטײן. און הײַנט וועלן מיר סײַ ווי ניט קאָנען באַשטימען וועגן אָפּשיקן אונזערע פֿרעמדע ווײַבער. נעם דעריבער די עלטסטע פֿון פֿאָלק און רעד זיך מיט זײ צונויף וועגן דעם, און ווי איר וועט באַשטימען, אַזוי וועלן מיר טאָן.

האָבן אַלע צוגעשטימט דערצו. און עזרא האָט גענומען אויף זיך צונויפֿצורעדן זיך מיט די עלטסטע און דורכפֿירן די רעפֿאָרם פֿון אָפּשיקן די פֿרעמדע ווײַבער און אָפּרײניקן דעם אידישן שטאַם.

## 52. נחמיה (נעכעמיע) קומט אין ירושלים.

ווען אין פּערסיע איז געווען קעניג אַרטאַקסערקס, איז זײַן הויפּט־ווײַנשענקער געווען דער איד נחמיה.

אײנמאָל איז צו נחמיה׳ן געקומען זײַן ברודער חנני (כאַנאַני), וואָס האָט זיך ערשט אומגעקערט פֿון ירושלים. האָט

אים חנני דערציילט, אַז די אידן, וואָס האָבן זיך אומגעקערט אין ירושלים, זיינען אויף גרויסע צרות, און צו שאַנד און צו שפּאָט פון די אַרומיקע איינוואוינער. די ווענט פון דער שטאָט ירושלים זיינען צעבראָכן. און די טויערן פאַרברענט. האָט דאָס נחמיה׳ן זייער שטאַרק פאַרדראָסן.

איינמאָל, ווען ער האָט דערלאַנגט דעם קעניג דעם ווייַן, האָט דער קעניג באַמערקט, אַז נחמיה איז זייער טרויעריק. האָט ער אים געזאָגט: „פאַרוואָס זעסטו אויס אַזוי שלעכט? כ׳זע, דו ביסט געזונט; איז אַ סימן, אַז דיך פאַרדריסט עפּעס זייער שטאַרק״.

האָט זיך נחמיה דערשראָקן. ער האָט זיך אָבער אָנגענומען מיט מוט און געזאָגט: „ווי, גרויסער קעניג, זאָל איך זיך פילן גוט, אַז די שטאָט, וואו עס זיינען די קברים פון מיינע עלטערן, איז וויסט און אירע טויערן פאַרברענט״.

האָט אים דער קעניג געפרעגט: „וואָס זשע וואָלסטו געבעטן צוליב דעם?״

האָט נחמיה געענטפערט: „אויב דעם קעניג וועט וואויל געפעלן, זאָל ער מיך לאָזן גיין אין דער שטאָט, וואו עס געפינען זיך די קברים פון מיינע עלטערן, און מיר דערלויבן זי אָפּצובויען״.

— און ווי לאַנג וועסטו דאָרט פאַרברענגען? — האָט דער קע־ניג געפרעגט. — און ווען וועסטו צוריקקומען?

האָט נחמיה געגעבן דעם קעניג אַ באַשטימטע צייט און געבעטן ביי אים בריף צו די פאַרוואַלטער פון די פּראָווינצן, וואו ער דאַרף דורכפאָרן, ווי אויך די דערלויבעניש צו נעמען געהילץ פאַר די טויערן פון שטאָט און פון דעם טעמפּל.

האָט דער קעניג אַזוי געטאָן. און נחמיה האָט זיך אויס־געקליבן אין וועג אַריין, און דער קעניג האָט מיט אים מיטגעשיקט רייטער צו באַגלייטן אים.

נאָך אַ לענגערער צייט איז נחמיה אָנגעקומען אין ירושלים. עטלאַכע טעג האָט ער זיך אַרומגעקוקט אין שטאָט און קיינעם ניט דערציילט וועגן זיך. און איינמאָל ביינאַכט, האָט ער מיט זיך גענומען נאָר עטלאַכע מענשן און איז מיט זיי געגאַנגען באַ־באַטראַכטן די וואַנט פון שטאָט. האָט ער דערזען, אַז די טויערן זיינען

צעבראָכן; אַז אַלע טויערן זײַנען פאַרבראַנט; אַז די שטאָט איז אָפן און האָט ניט, הינטער וואָס זיך צו באַשיצן.

ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט, האָט ער פאַררופן די כ ו ה נ י ם און די באַאַמטע פון שטאָט און זיי דערציילט, צוליב וואָס ער איז געקומען. און ער האָט זיי געזאָגט: „איר זעט, ווי מיר זײַנען אויף צ ר ו ת. י ר ו ש ל י ם איז וויסט; אירע מויערן זײַנען צעבראָכן; אירע טויערן פאַרבראַנט. קומט, לאָמיר אָפּבויען די מויערן פון דער שטאָט און לאָמיר ניט זײַן צו שאַנדע בײַ אַלע אַרומיקע". האָבן אַלע צוגעשטימט און געזאָגט: „מיר וועלן גיין און בויען".

האָבן דערהערט: סאַנבאַלאַט פון כאָראָן, ט ו ב י ה פון ע מ ו ן און געשעם פון אַראַביען, אַז די אידן האָבן אָנגעהויבן בויען די מויערן פון שטאָט. האָבן זיי זיך אויסגעלאַכט און געזאָגט: „אויך מיר בויער!" און האָבן צוגעגעבן: „מיר זעען, אַז איר ווילט ווידער־שפעניקן אין קעניג; דערפאַר ווילט איר באַפעסטיקן די שטאָט".

האָט זיי נ ח מ י ה געענטפערט: „מיר בויען די שטאָט, ווײַל מיר ווילן אַזוי טאָן. דאָס איז ניט אײַער ע ס ק. איר האָט גאָר־נישט צו טאָן מיט דער שטאָט י ר ו ש ל י ם".

## 53. נ ח מ י ה פאַרריכט די מויערן פון י ר ו ש ל י ם.

און ווען סאַנבאַלאַט און די אַנדערע פײַנט פון די אידן האָבן דער־זען, אַז די מויערן פון י ר ו ש ל י ם ווערן פאַרריכט, האָט דאָס זיי זייער פאַרדראָסן. האָבן זיי אַלע געשלאָסן אַ בונד צו קומען צוזאַמען מ ל ח מ ה האַלטן מיט די אידן אין י ר ו ש ל י ם.

זײַנען געקומען צו נ ח מ י ה'ן אידן, וואָס האָבן געוואוינט צווישן די פײַנט, און אים דערציילט, וואָס יענע האָבן באַשלאָסן. האָט נ ח מ י ה גלײַך אַוועקגעשטעלט וועכטער אין אַלע ערטער, וואו די מויערן פון שטאָט זײַנען נאָך געווען צעבראָכן. און ער האָט באַ־וואָפנט אַלע אידן אין שטאָט מיט שווערדן, שפיזן און בויגנס, און אײַנגעטיילט זיי אויף גרופּעס, און אײַנגעשטעלט, מ'זאָל כ ס ד ר היטן די שטאָט. און ער האָט די אידן געזאָגט: „האָט ניט קיין מ ו ר א פאַר די פײַנט. ווען נייטיק, קעמפט פאַר אײַערע זין און טעכטער, פאַר אײַערע פרויען און אײַערע הײַזער".

און ווען די פײַנט האָבן זיך דערוואוסט, אַז נ ח מ י ה ווייס זייערע פּלענער, האָבן זיי ניט געוואַגט מער אָנצופאַלן. און נ ח מ י ה

האָט אײַנגעשטעלט, אַז אײן טײל אידן זאָלן אַרבעטן יעדן טאָג און אײן טײל זאָל זײַן באַוואָפנט און באַשיצן די שטאָט. און די, וואָס אַרבעטן, האָבן מיט אײן האַנט געאַרבעט און אין דער צווייטער גע־האַלטן די שווערד. און נחמיה און זײַנע ברידער און די וועכ־



מ׳בויט די וואַנט אַרום ירושלים.

טער זײַנען געווען אויף גאַנצע נעכט אָדער געשלאָפן אין די קלײדער און געווען גרייט.

און ווען די מויערן פון ירושלים זײַנען געווען אינגאַנצן פאַרטיק, האָט סאַנבאַלאַט געשיקט אַ בריף צו נחמיה׳ן און גע־בעטן, ער זאָל קומען טרעפן זיך מיט אים און דורכרעדן זיך. האָט נחמיה חושד געווען, אַז סאַנבאַלאַט וויל אים טאָן שלעכטס, און ער האָט געענטפערט, אַז ער איז שטאַרק פאַרנומען און קאָן ניט קומען.



סאנבאלאט שיקט א בריוו צו נחמיה׳ן

און ווען סאנבאלאט האט געשריבן צו נחמיה׳ן פיר מאל און יענער איז צו אים ניט געקומען, האט סאנבאלאט אים געשיקט אן אפענעם בריף, אין וועלכן ער האט אים באשולדיקט, אז ער וויל מורד זיין אינ׳ם קעניג. „דערפאר — האט ער געשריבן — באפעסטיקסטו די שטאט. און נביאים האסטו אנגעשטעלט, וואס זאגן אויף דיר, אז דו וועסט ווערן קעניג אין יהודה. איז אויב דו ווילסט, קום, וועלן מיר זיך דורכרעדן צוזאמען, וואס צו טאן״.

האט אים נחמיה געשיקט זאגן, אז דאס אלץ, וואס ער שרייבט, איז אויסגעטראכט, און אז ער וועט אים ניט קומען זען.

און איינער פון די כהנים האט געזאגט נחמיה׳ן: „קום מיט מיר אינווייניק אין טעמפל אריין, און איך וועל פארשליסן די טויערן פון טעמפל, ווייל מ׳קלייבט זיך דיך צו הערגע׳נען די נאכט״.

האט נחמיה געזאגט: „א מענש ווי איך זאל אנטלויפן און באהאלטן זיך? און ווער בין איך, איך זאל אריין אין טעמפל?״.

נ ח מ י ה  האָט פאַרשטאַנען, אַז דער  כ ו ה ן  איז אונטערגע־קויפט און וויל אים אַרײַנפירן אין אַ זינד און אַרויסשטעלן אים פאַר אַ פאַררעטער אין די אויגן פון פאָלק. האָט ער אים ניט געפאָלגט.

און ווען  נ ח מ י ה  האָט געלאָזט אָנטאָן אַלע טויערן אין די ווענט פון שטאָט ,האָט ער צונויפגענומען די וועכטער און די זינגער און באַדינער פון טעמפּל און געמאַכט אַ  י ו ם - ט ו ב.  און ער האָט אָנגעזאָגט זײַן ברודער  ח נ נ י'ן  און  ח נ נ י ה'ן, דעם הויפּטמאַן פון דער פעסטונג, זיי זאָלן יעדן טאָג ניט עפענען די טויערן פון  י ר ו ש ל י ם,  ביז די זון וועט הייס. און אין אָוונט זאָלן זיי צומאַכן די טויערן און פאַרריגלען זיי, ווען די מענטשן זײַנען נאָך אויף.

אַזוי האָט  נ ח מ י ה  באַפעסטיקט די שטאָט און פאַרשטאַרקט דעם מוט פון די אידן, זיי זאָלן ניט  מ ו ר א  האָבן פאַר די אַרומיקע פײַנט.

## 54. נ ח מ י ה  פירט אײַן רעפאָרמען.

איינמאָל זײַנען אַ  ס ך  אידן און זייערע ווײַבער געקומען צו  נ ח מ י ה'ן און זיך באַקלאָגט אויף זייערע אידישע ברידער. אַ  ס ך  פון זיי האָבן געזאָגט : „מיר זײַנען הונגעריק. זאָל מען אונז געבן גענוג  ת ב ו א ה,  כדי מיר זאָלן עסן און לעבן." אַנדערע האָבן געזאָגט : „צוליב דעם הונגער האָבן מיר געמוזט פאַרזעצן אונזערע ווײַנגער־טענער און הײַזער". און נאָך אַנדערע האָבן געזאָגט : „אויף צו צאָלן די שטײַערן פונ'ם קעניג האָבן מיר געדאַרפט לײַען געלט, און איצט, ווען מיר האָבן ניט צו באַצאָלן, דאַרפן מיר אָפּגעבן אונזערע זין פאַר קנעכט און אונזערע טעכטער פאַר דינסטן. איז דען אונזער פלייש ניט אַזוי, ווי דאָס פלייש פון אונזערע ברידער ?"

האָט  נ ח מ י ה'ן  שטאַרק פאַרדראָסן, ווען ער האָט געהערט דאָס געשריי און דאָס באַקלאָגן זיך פון זײַנע ברידער. האָט ער צו־נויפגערופן די רײַכע לײַט און די פאָרשטייער פון די אידן און זיי געזאָגט : „פאַרוואָס לײַט איר אײַערע ברידער געלט אויף וואוכער ? אויף ווי ווײַט מיר האָבן געקענט, האָבן מיר אויסגעקויפט אונזערע אידישע ברידער, וואָס זײַנען געווען פאַרקויפט צו  ג ו י י ם .  און איר ווילט, אַז אײַערע ברידער זאָלן זיך פאַרקויפן צו אײַך".

האָבן יענע געשוויגן און קיין וואָרט ניט געענטפערט.

האָט נ ח מ י ה זײַ װײַטער געזאָגט: „איר טוט ניט גוט. איך און מײַנע ברידער און מײַנע אָנגעשטעלטע האָבן אויך געליען געלט און ת ב ו א ו ת. לאָמיר אָפּלאָזן די אַלע ח ו ב ו ת. גיט זײַ אָפּ צוריק זײערע פעלדער און װײַנגערטענער און הײַזער און שענקט זײַ דאָס געלט און די ת ב ו א ה און דעם װײַן און דאָס אויל, װאָס איר מאָנט פון זײַ".

האָבן די פאַרזאַמלטע געענטפערט: „מיר װעלן טאָן, װי דו האָסט געזאָגט. מיר װעלן אָפּגעבן צוריק און װעלן פון זײַ גאָרנישט פאַרלאַנגען".

האָט נ ח מ י ה גערופן די כ ו ה נ י ם און האָט אַלעמען באַשװאָרן צו טאָן אַזוי, װי זײַ האָבן צוגעזאָגט.

און די גאַנצע צײַט, װאָס נ ח מ י ה איז געװען דער פירשט און פאַרװאַלטער פון י ה ו ד ה, צװעלף יאָר נאָכאַנאַנד, האָט ער ניט געגעסן די שפּײַז פון אַ פירשט. די פירשטן, װאָס פאַר אים, האָבן אַרויפגעלײגט שװערע אָפּצאָלן אויף'ן פאָלק, האָבן גענומען פון זײַ אויף ברויט און װײַן און פערציק טאָלער געלט הערצו. און זײערע אָנגעשטעלטע האָבן געװעלטיקט איבער'ן פאָלק. אָבער נ ח מ י ה האָט פאַר זיך גאָרנישט ניט גענומען, װײַל ער האָט געזען, אַז די אַרבעט פון פאָלק איז שװער.

## 55. די ת ו ר ה װערט דאָס געזעץ פון די אידן.

אין אַ ביסל צײַט אַרום האָבן ע ז ר אָ און נ ח מ י ה פאַררופן נאָך אַ פאַרזאַמלונג פון פאָלק אין י ר ו ש ל י ם. די פאַרזאַמלטע האָבן יענעם טאָג געפאַסט און זיך מ ו ד ה געװען אויף זײערע זינד.

און ע ז ר אָ האָט געלײענט פון דער ת ו ר ה פון אינדערפרי און ביז שפּעט. און צום ס ו ף פון טאָג האָט ע ז ר אָ פאָרגעשלאָגן, די פאַרזאַמלטע זאָלן פאַר זיך און פאַר זײערע קינדער און קינדסקינדער אָננעמען די ת ו ר ה פון מ ש ה'ן און לעבן לויט איר געבאָטן.

און די פאַרזאַמלטע האָבן אַלע צוגעשטימט צו מאַכן די ת ו ר ה פון מ ש ה'ן פאַר זײער געזעץ, פון װעלכן זײַ זאָלן ניט אָפּטרעטן אויף רעכטס אָדער אויף לינקס.

דעמאָלט האָט ע ז ר אָ אָנגעשריבן וועגן דעם אַן אָפּמאַך, און אַלע עלטסטע פון פאָלק מיט נ ח מ י ה'ן אין דער שפּיץ, און די עלטסטע פון די כ ו ה נ י ם און פון די ל ו ו י י ם האָבן זיך אונ־



ע ז ר אָ לייענט פאָר פון דער ת ו ר ה.

טערגעשריבן אויף דעם אָפּמאַך און געגעבן אַ ש ב ו ע ה פּינקטלאַך אָפּצוהיטן אַלע געבאָטן און געזעצן פון דער ת ו ר ה.

און נ ח מ י ה און ע ז ר אָ האָבן יענעם טאָג דערקלערט פאַר אַ י ו ם ־ ט ו ב און געזאָגט צום פאָלק: „טרויערט ניט, ווייל הײַנט איז י ו ם ־ ט ו ב. גייט אַהיים; זײַט פריילאַך, עסט און טרינקט און שיקט מ ת נ ו ת צו די, וואָס האָבן ניט".

## 56. ע ז ר אָ׳ס רעפאָרמען.

און ע ז ר אָ האָט באַפוילן, און די אידן האָבן גענומען אויף זיך אויסצופאָלגן די פאָלגנדע איינפירן:

ערשטנס — זיי זאָלן ניט ח ת ו נ ה האָבן מיט טעכטער פון אַנדערע פעלקער און ניט געבן זייערע טעכטער פאַר ווייבער צו מענשן פון אַנדערע פעלקער.

צווייטנס — זיי זאָלן צאָלן יעדערער אַ דריטל פון אַ ש ק ל פאַר דעם טעמפּל און זאָלן ברענגען פאַר די כ ו ה נ י ם די ערשטע פרוכט פון זייערע פעלדער און גערטענער און די ערשט-געבוירענע פון זייערע פי, ווי אויך אַ טייל פון זייער גאַנצער איינקונפט.

דריטנס — איין צענט-ח ל ק פון אַלע אידן פון לאַנד זאָל זיך אַריבערקלייבן קיין י ר ו ש ל י ם און דאָרטן באַזעצן, ווייל י ר ו ש ל י ם איז ביז דעמאָלט געווען באַזעצט זייער ווייניק.

אַזוי האָבן ע ז ר א און נ ח מ י ה איינגעשטעלט דאָס לעבן פון די אידן אין י ה ו ד ה און י ר ו ש ל י ם.

די אידן האָבן געלעבט לויט די פאָרשריפטן פון דער ת ו ר ה. אין דער שפּיץ פון אַלע אידן איז געשטאַנען דער עלטסטער כ ו ה ן פון׳ם טעמפּל, דער כ ו ה ן - ג ד ו ל. ער פלעגט אָנשטעלן ריכטער, וואָס זאָלן מ ש פ ט ׳ן לויט די ד י נ י ם פון דער ת ו ר ה, און אויך אַנדערע באַאַמטע; און ער פלעגט אַכטונג געבן, מ׳זאָל צונויפקלייבן די שטייערן, וואָס מ׳דאַרף צאָלן די קעניגן פון פערסיע.

און די קעניגן פון פערסיע האָבן זיך ווייניק וואָס געמישט אין דעם לעבן פון די אידן און זיי געלאָזט פריי אָנגיין מיט זייער אַרבעט, מיט זייערע גלויבונגען און מיט זייער אינערלאַכער פאַרוואַלטונג.

אַזוי אַרום האָט זיך ביי אידן איינגעשטעלט אַ „טעאָקראַטיע", ד. ה. אַן אָרדנונג, וואו די כ ו ה נ י ם הערשן איבער׳ן פאָלק אין נאָמען פון גאָט און זיין ת ו ר ה.

## 57. אַ ח ש ו ר ו ש (אַכאַשווייִרעש).

נאָר אײנמאָל זײַנען די אידן אין אַלע לענדער, וואָס אונטער דער הערשאַפט פון פּערסיע, געווען אין אַ גרויסער צ ר ה.

דאָס איז געווען אין דער צײַט פון׳ם קעניג אַ ח ש ו ר ו ש, וואָס האָט געהערשט איבער הונדערט מיט זיבן און צוואַנציק מ ד י נ ו ת. אויף׳ן דריטן יאָר פון זײַן קעניגן האָט ער געמאַכט אַ מאָלצײַט פאַר זײַנע הארן און דינער, פאַר די גענעראַלן און סאָלדאַטן און פאַר׳ן גאַנצן פאָלק פון זײַן הויפּטשטאָט ש ו ש ן. אויך די קעניגין — ו ש ת י (וואַשטי) — האָט געמאַכט אַ מאָלצײַט פאַר די פרויען אין׳ם קעניגלאַכן פּאַלאַץ.

ווען דער קעניג איז געוואָרן פרײלאַך פון דעם אויסגעטרונקע־נעם ווײַן, האָט ער געזאָגט צו זײַנע דינער: „גײט ברענגט פאַר מיר די קעניגין ו ש ת י אין איר קעניגלאַכער קרוין; איך וויל באַווײַזן פאַר אַלע הארן, ווי שײן זי איז״. האָט די קעניגין ניט געוואָלט פאָלגן דעם קעניג און איז ניט געקומען. איז דער קעניג אויפגעבראַכט גע־וואָרן, און עס האָט אין אים געברענט זײַן צאָרן.

האָט מ מ ו כ ן, אײנער פון די הארן, געזאָגט צום קעניג: „ניט נאָר קעגן דיר, קעניג, האָט געזינדיקט די קעניגין ו ש ת י, נאָר קעגן אַלע מענער. אַלע פרויען וועלן איצט אויפהערן צו פאָלגן זײערע מאַנען. זײ וועלן זאָגן: „אָט האָט די קעניגין ו ש ת י אַ פ י ל ו דעם קעניג ניט געפאָלגט. שיק דערפאַר אַוועק די קעניגין ו ש ת י און נעם אויף איר אָרט אַן אַנדערע, אַ בעסערע פון איר״.

איז דאָס דעם קעניג געפעלן געוואָרן, און ער האָט אַזוי געטאָן.

## 58. א ס ת ר (עסטער) ווערט קעניגין.

ווען דער קעניג איז אָפּגעגאַנגען פון כ ע ס, האָבן זײַנע הויפ־לײַט אים געראָטן: מען זאָל פון אַלע מ ד י נ ו ת צונויפקלײַבן די שײנע מײדלאַך אין דער הויפּטשטאָט ש ו ש ן. און די מײדל, וואָס וועט דעם קעניג געפעלן ווערן מער ווי אַלע אַנדערע, וועט זײַן קעני־גין אָנשטאָט ו ש ת י׳ן. האָט דער קעניג אַזוי געטאָן.

און אין שושן איז געווען אַ איד מרדכי (מאָרדכע). האָט ער געהאָדעוועט זײַנע אַ שוועסטערקינד, אסתר, ווײַל זי האָט ניט געהאַט קײן פאָטער און מוטער. איז אסתר געווען זײער אַ שײנע. און ווען מען האָט צונױפגעקליבן די מײדלאַך אין שושן, האָט מען אסתר׳ן אױך צוגענומען אין קעניגלאַכן פּאַלאַץ.

איז אסתר געפעלן געוואָרן דעם קעניג מער פון אַלע מײד־לאַך, און ער האָט זי ליב באַקומען מער פון אַלע פרויען. האָט ער איר אָנגעטאָן די קעניגלאַכע קרוין און געמאַכט פאַר אַ קעניגין אָנשטאָט ושתי׳ן. און אסתר האָט ניט דערצײלט, פון װעלכן פאָלק זי שטאַמט און פון װעלכן לאַנד זי קומט, װײַל אַזױ האָט מרדכי איר געהײסן. און מרדכי׳ן האָט אסתר געפאָלגט איצט, אַזױ װי זי האָט אים געפאָלגט פריער, װען זי האָט זיך בײַ אים גע־האָדעװעט.

און מרדכי איז געזעסן אין טױער פון׳ם קעניגלאַכן הױף. האָט אײנמאָל געטראָפן, אַז צװײ פון דעם קעניגס דינער האָבן גע־װאָלט אומברענגען דעם קעניג. האָט זיך מרדכי פון דעם דער־װאוסט און איבערגעגעבן אסתר׳ן. האָט אסתר דאָס דער־צײלט דעם קעניג אין מרדכי׳ס נאָמען. און מען האָט אױסגע־פאָרשט די זאַך, ערשט עס איז געװען ריכטיק. האָט מען אױפגעהאַנ־גען די צװײ דינער און מען האָט די זאַך פאַרשריבן אין די ביכער פון׳ם קעניג.

## 59. המנ׳ס (האָמענס) גזרה.

נאָכדעם האָט דער קעניג דערהױבן המן דעם אגגי (אַגאַ־גי), און געשטעלט אים איבער אַלע זײַנע האַרן. און אַלע הױפלײַט פון׳ם קעניג האָבן זיך געבוקט און געבױגט פאַר המנ׳ען, װײַל אַזױ האָט דער קעניג באַפױלן; נאָר מרדכי האָט זיך ניט געשטעלט און ניט געבױגט פאַר המנ׳ען.

איז המן געװאָרן אין כעס אױף מרדכי׳ן, װײַל יענער בוקט זיך ניט פאַר אים. אָבער ער האָט זיך ניט געװאָלט מיאוס מאַכן מיט מרדכי׳ן אַלײן, װײַל מען האָט אים דער־צײלט, פון װעלכן פאָלק מרדכי שטאַמט. האָט המן באַ־

שלאָסן אומצוברענגען אַלע אידן, וואָס זײַנען אין דעם קעניגרײַך פון אַ ח ש ו ר ו ש׳ן, דאָס פאָלק פון מ ר ד כ י׳ן.

האָט ער געזאָגט צום קעניג: „עס איז פאַראַן אַ פאָלק, צעזייט און צעשפּרייט צווישן די פעלקער פון דײַן קעניגרײַך. זיי האָבן אַנדערע געזעצן און מ נ ה ג י ם, זיי פאָלגן ניט די באַפעלן פונ׳ם קעניג, און עס איז ניט כ ד א י, דער קעניג זאָל זיי לאָזן לעבן. לאָז דער קעניג דעריבער מיר דערלויבן צו פאַרניכטן זיי, און איך וועל דערפאַר געבן דעם קעניג צען טויזנט כ י כ ר זילבער".

האָט דער קעניג אַראָפּגענומען זײַן רינג פון האַנט, איבערגעגעבן ה מ נ׳ען און געזאָגט: „דײַן געלט דאַרף איך ניט, און מיט׳ן פאָלק קאָנסטו טאָן, ווי דיר געפעלט".

האָט ה מ ן צונויפגערופן די קעניגלאַכע שרײַבער און געהייסן אָנשרײַבן צו די פאַרוואַלטער פון אַלע מ ד י נ ו ת פונ׳ם קעניג אַ ח ש ו ר ו ש, אַז אין דרײַצנטן פונ׳ם ח ו ד ש אָ ד ר זאָלן זיי זען פאַרטיליקן, אומ׳ה ר ג׳ענען און פאַרניכטן אַלע אידן, יונג און אַלט, קינדער און פרויען, און צערויבן זייער גוטס.

די רײַטער זײַנע מיט׳ן באַפעל אַרויסגעפאָרן פון שטאָט אין אַלע עקן קעניגרײַך, און אויך אין ש ו ש ן, דער הויפּטשטאָט, האָט מען דאָס זעלביקע געזעץ אַרויסגעגעבן. זײַנען די אידן פון ש ו ש ן צע־טומלט געוואָרן.

## 60. מ ר ד כ י הייסט א ס ת ר׳ן גיין צום קעניג.

און מ ר ד כ י האָט געוואוסט אַלץ, וואָס דאָ ווערט אָפּגעטאָן. האָט ער צעריסן זײַנע קליידער, אָנגעטאָן אַ זאַק, באַשאָטן דעם קאָפּ מיט אַש, איז געגאַנגען איבער דער שטאָט און האָט הויך און ביטער געשריען. און אין יעדן אָרט, וואוהין עס איז אָנגעקומען דער באַפעל פונ׳ם קעניג, האָבן די אידן געפאַסט און געוויינט און געקלאָגט.

זײַנען געקומען א ס ת ר׳ס דינערינס און איר דערציילט וועגן דעם. איז א ס ת ר פאַרציטערט געוואָרן. זי האָט געשיקט מ ר ד כ י׳ן קליידער, ער זאָל זיי אָנטאָן און אויסטאָן דעם זאַק; האָט ער די קליידער ניט צוגענומען. האָט א ס ת ר געשיקט ה ת כ׳ן, אַ דינער פונ׳ם קעניג, צו מ ר ד כ י׳ן, ער זאָל בײַ אים דערוויסן זיך, וואָס איז די ס י ב ה פון זײַן טרויער. האָט אים מ ר ד כ י

דערציילט אַלץ, וואָס עס האָט געטראָפן, און געוויזן דעם באַפעל, וואָס דער קעניג האָט אַרויסגעגעבן, צו פאַרטיליקן די אידן, און געהייסן ווייזן א ס ת ר'ן. און ער האָט אויך געהייסן זאָגן א ס ת ר'ן, זי זאָל גיין צום קעניג און בעטן ביי אים פאַר איר פאָלק. האָט ה ת ך דאָס איבערגעגעבן א ס ת ר'ן.

האָט א ס ת ר ווידער געשיקט זאָגן מ ר ד כ י'ן: „אַלע ווייסן, אַז אַ מאַן אָדער אַ פרוי, וואָס קומט צום קעניג אין הויף ניט גערופענערהייט, איז זיין שטראָף — געטויט צו ווערן. און מיך האָט דער קעניג ניט גערופן צו זיך שוין דרייסיק טעג".

האָט מ ר ד כ י געהייסן ענטפערן א ס ת ר'ן: „זאָלסט ניט מיינען, אַז דו וועסט איינע פון אַלע אידן נ י צ ו ל ווערן אינ'ם קעניגס הויף. אויב דו וועסט איצט שווייגן, וועט פאַר די אידן קומען אַ הילף ערגעץ פון אַן אַנדער אָרט, און דו און דיין פאָטערס הויז וועט פאַרלאָרן גיין".

האָט א ס ת ר געהייסן זאָגן מ ר ד כ י'ן: „גיי זאַמל צונויף אַלע אידן פון ש ו ש ן און פאַסט דריי טעג: און איך מיט מיינע דינערינס וועלן אויך פאַסטן. און נאָכדעם וועל איך גיין צום קעניג ניט גערופענערהייט; ווייל איך בין שוין סיי ווי פאַרלאָרן".

האָט מ ר ד כ י געטאָן אַזוי, ווי א ס ת ר האָט אים געהייסן.

## 61. אַ ח ש ו ר ו ש און ה מ ן ביי א ס ת ר'ן אויפ'ן מאָלצייט.

אויפ'ן דריטן טאָג האָט א ס ת ר אָנגעטאָן אירע קעניגלאַכע קליידער און איז אַריין אינ'ם קעניגלאַכן הויף. האָט דער קעניג דער־זען א ס ת ר'ן, איז זי אים זייער געפעלן געוואָרן. האָט ער איר אויסגעשטרעקט דעם גאָלדענעם רוט. איז א ס ת ר צוגעגאַנגען און אָנגערירט זיך אָנ'ם רוט.

פרעגט ביי איר דער קעניג: „וואָס ווילסטו, קעניגין א ס ת ר, וואָס בעטסטו? ביז אַ האַלבער מ ל ו כ ה — וועט דיר געגעבן ווערן".

האָט א ס ת ר געזאָגט: „אויב דעם קעניג געפעלט, זאָל ער היינט קומען צוזאַמען מיט ה מ נ'ען צום מאָלצייט, וואָס איך האָב פאַר זיי צוגעגרייט".

האָט דער קעניג געשיקט שנעל נאָך ה מ נ'ען, און זײַנע זײַנען געגאַנגען צום מאַלצײַט. און אויפ'ן מאַלצײַט האָט ער ווידער גע־פרעגט בײַ א ס ת ר'ן: „וואָס בעטסטו, קעניגן א ס ת ר ? ביז א האַלבער מ ל ו כ ה — און איך וועל דיר געבן".

האָט א ס ת ר געזאָגט: „איך בעט נאָר, אַז דער קעניג און ה מ ן זאָלן אויך מאָרגן קומען צום מאַלצײַט, וואָס איך וועל פאַר זײַ צוגרײַטן".

און ה מ ן איז אַרויס פונ'ם מאַלצײַט אַ פרײַלאַכער און אַ צו־פרידענער. נאָר ווען ער האָט דערזען מ ר ד כ י'ן בײַם קעניגס טויער, און יענער האָט זיך פאַר אים ניט אויפגעהויבן און זיך פון אָרט ניט גערירט, איז ער געוואָרן שרעקלאַך בײַז. נאָר ער האָט זיך אײַנגעהאַלטן. ווען ער איז געקומען אַהיים, האָט ער דערציילט זײַן ווײַב ז ר ש (זערעש) און זײַנע גוטע פרײַנד וועגן זײַן רײַכקײַט און וועגן זײַנע פיל זין און וועגן דעם, אַז דער קעניג האָט אים דערהויבן איבער אַלע זײַנע האַרן. און אַז די קעניגין א ס ת ר האָט צוזאַמען מיט'ן קעניג אײַנגעלאַדן צו איר מאַלצײַט נאָר אים, ה מ נ'ען. „נאָר דאָס אַלץ גײַט מיר ניט אײַן, — האָט ער ווײַטער געזאָגט, — ווען איך דערזע דעם אידן מ ר ד כ י בײַם טויער פון קעניגס הויף".

האָט אים ז ר ש זײַן ווײַב און זײַנע גוטע פרײַנט געזאָגט: „זאָל מען מאַכן אַ קלאָץ, פופציק איילן די הייך, און דו זאָג אינדערפרי דעם קעניג, מען זאָל אויף איר אויפהענגען מ ר ד כ י'ן. און דאַ־מאָלסט וועסטו קאָנען אַ פרײַלאַכער גײַן מיט'ן קעניג צום מאַלצײַט".

איז דאָס ה מ נ'ען געפעלן געוואָרן, און ער האָט געמאַכט די קלאָץ.

## 62. דער קעניג גיט אָפּ כ ב ו ד מ ר ד כ י'ן.

יענע נאַכט האָט זיך דעם קעניג ניט געשלאָפן. האָט ער געהייסן ברענגען דאָס בוך פון די כראָניקעס און לייענען פאַר אים. איז דאָרטן געווען פאַרשריבן, ווי מ ר ד כ י האָט דערציילט וועגן די צוויי די־נער, וואָס האָבן געוואָלט אומברענגען דעם קעניג א ח ש ו ר ו ש. האָט דער קעניג געפרעגט: „מיט וואָס פאַר אַ טײַערע און גרויסע זאַכן האָט מען מ ר ד כ י'ן באַלוינט דערפאַר?" האָבן די דינער געענטפערט: „מען האָט אים מיט גאָרנישט דערפאַר ניט באַלוינט".

האָט דער קעניג געפרעגט: „ווער איז פאַראַן אין הויף?".

און המן איז געקומען אין הויף; ער האָט געוואָלט בעטן דעם קעניג, מען זאָל אויפהענגען מרדכי׳ן אויפ׳ן קלאָץ, וואָס ער, המן, האָט פאַר אים צוגעגרייט. האָט מען געזאָגט דעם קעניג, אַז המן איז אין הויף. זאָגט דער קעניג: „זאָל ער אַרײַן!״

איז המן אַרײַן. פרעגט דער קעניג: „וואָס דאַרף מען טאָן אַ מענטשן, וואָס דער קעניג וויל אים טײַער האַלטן?״

קלערט המן: „וועמען וויל דער קעניג מער טײַער האַלטן, ווי מיך?״ זאָגט ער: „פאַר אַזאַ מענטשן דאַרף מען ברענגען אַ קעניגלאַך קלייד און אַ קעניגלאַך פערד, און מען דאַרף אים אָנטאָן דאָס קלייד, און אַרויפזעצן אויפ׳ן פערד און פירן אים איבער דער שטאָט און אויסרופן: „אַזוי טוט מען אַ מענטשן, וואָס דער קעניג וויל אים טײַער האַלטן!״.

האָט דער קעניג געזאָגט: „גיי שנעל, נעם דאָס קלייד און דאָס פערד און טו מרדכי׳ן דעם אידן, וואָס זיצט אין טויער פון קעניגלאַכן הויף, אַזוי ווי דו האָסט געזאָגט; זאָל קיין האָר ניט פעלן!״.

האָט המן גענומען דאָס קלייד און דאָס פערד, האָט אָנגעטאָן



המן פירט מרדכי׳ן איבער דער שטאָט.

מרדכי׳ן, געפירט אים איבער דער שטאָט און אויסגערופן: „אַזוי ווערט געטאָן אַ מענטשן, וואָס דער קעניג וויל אים טײַער האַלטן!״

און מ ר ד כ י  האָט זיך אומגעקערט צום טויער פון הויף, און ה מ ן  האָט אַוועקגעאײַלט אַהײם אַ טרויעריקער מיט אַן אַראָפּגע־לאָזטן קאָפּ. און ער האָט דערציילט זײַן ווײַב  ז ר ש  און זײַנע גו־טע פרײַנט, וואָס מיט אים האָט געטראָפן. האָבן זיי אים געזאָגט: „אויב  מ ר ד כ י  איז אַ איד, איז קוים האָסטו אָנגעהויבן צו פאַלן פאַר אים, וועסטו שוין פאַלן און פאַלן".

און ווי זיי רעדן אַזוי, קומען אָן דעם קעניגס דינער און היילן ה מ ן'ען  שנעל גיין צום מאָלצײַט, וואָס  א ס ת ר  האָט געמאַכט.

## 63. מ'הענגט אויף ה מ נ'ען.

אויפ'ן מאָלצײַט פרעגט דער קעניג ווידער בײַ  א ס ת ר'ן: „וואָס בעטסטו קעניגן  א ס ת ר? ביז אַ האַלבער  מ ל ו כ ה — און איך וועל דיר געבן".

זאָגט  א ס ת ר: „אויב איך געפעל דעם קעניג, און אויב דער קעניג וויל, זאָל מיר געשענקט ווערן מײַן לעבן און מײַן פאָלק, ווײַל מיר זײַנען פאַרקויפט געוואָרן, מע זאָל אונז פאַרטיליקן,  ה ר ג 'ענען און אומברענגען".



זאָגט  א ס ת ר: „אָט דער  ר ש ע  ה מ ן!"

זאָגט דער קעניג: „און ווער איז דער, וואָס האָט געוואָגט אַזוי צו טאָן?"

זאָגט אסתר: „אַ שלעכטער מענש, אַ פײַנט, אָט דער רשע המן!"

איז המן פאַרציטערט געוואָרן. און דער קעניג איז אויפגעשטאַנען אַ צאָרנדיקער. האָט חרבונה, אײנער פון די דינער, געזאָגט דעם קעניג: „אָט האָט המן נאָך געמאַכט אַ קלאָץ פאַר מרדכי'ן, וואָס האָט געטאָן דעם קעניג אַ גוטע זאַך. זי שטײט בײַ המנ'ען אין הויז". זאָגט דער קעניג: „הענגט אים אויף אויף איר!"

האָט מען אויפגעהאַנגען המנ'ען אויפ'ן קלאָץ, וואָס ער האָט אָנגעגרײט פאַר מרדכי'ן. און דער קעניג איז אָפּגעגאַנגען פון כעס.

## 64. מרדכי ווערט הויפּט-מיניסטער.

יענעם טאָג האָט דער קעניג אחשורוש אָוועקגעגעבן אסתר'ן המנ'ס הויז. און מרדכי איז געקומען פאַר'ן קעניג, ווײַל אסתר האָט דערציילט, וואָס מרדכי קער זיך אָן מיט איר. האָט דער קעניג אָפּגעגעבן מרדכי'ן דעם רינג, וואָס ער האָט אָפּגענומען בײַ המנ'ען, און אסתר האָט געגעבן מרדכי'ן המנ'ס הויז.

און אסתר האָט ווידער געבעטן דעם קעניג, ער זאָל אַראָפּנעמען דאָס שלעכטס, וואָס המן האָט געטראַכט צו טאָן די אידן.

האָט דער קעניג געזאָגט: „שרײַבט אָן וועגן די אידן אינ'ם נאָמען פונ'ם קעניג, וואָס אײַך געפעלט, און חתמ'עט דאָס מיט דעם קעניגס רינג און צעשיקט דאָס איבער אַלע מדינות". האָט מען גערופן די שרײַבער, און זײ האָבן אָנגעשריבן אינ'ם נאָמען פון קעניג, אַז דער קעניג דערלויבט די אידן אין יעדן אָרט צו שטעלן זיך אינ'ם דרײַצנטן טאָג אין חודש אדר קעגן זײערע פײַנט און צו פאַרניכטן דאָס גוטס פון די פײַנט, וואָס שטעלן זיך זײ אַנטקעגן.

און מרדכי איז אַרויס פונ'ם קעניג אין אַ קעניגלאַך קלייד, אין אַ גרויסער גאָלדערנער קרוין און אין אַ פורפורנעם מאַנטל. און אין דער שטאָט שושן איז געווען פרייליך. און אין יעדער שטאָט, וואו עס איז אָנגעקומען דער באַפעל פונ'ם קעניג, איז ביי אידן געווען ששון ושמחה.



איז ביי אידן געווען ששון ושמחה.

## 65. פורים.

אין דעם דרייצנטן אָדר האָבן זיך די אידן אין יעדער שטאָט פאַרזאַמלט צו שטעלן זיך אַנטקעגן זייערע פיינט. און קיינער איז קענען זיי ניט בייגעשטאַנען, ווייל זייער מורא איז אָנגעפאַלן אויף אַלעמען. און אַלע האַרן און באַאַמטע האָבן דערהויבן די אידן, ווייל עס איז אויף זיי אָנגעפאַלן די מורא פאַר מרדכי'ן.

און די אידן האָבן יענעם טאָג גע'הרג'עט אַ סך פון זייערע פיינט און אויפגעהאַנגען המנ'ס צען זין. און אויף מאָרגן, דעם פערצנטן אָדר, האָבן זיי געמאַכט אַ יום-טוב, אַ טאָג פון **פרייד און פון אַ סעודה.**

און אין ש ו ש ן און אין אַלע פעסטונג־שטעט האָבן די אידן געשלאָגן זייערע פיינט אויך דעם פערצנטן אָ ד ר, און זיי האָבן אָפּגערוט דעם פופצנטן אָ ד ר און געמאַכט אים פאַר אַ טאָג פון פרייד, פאַר אַ י ו ם ־ ט ו ב.

און מ ר ד כ י האָט אָנגעשריבן בריף און פאַנאַנדערגעשיקט צו די אידן אין אַלע מ ד י נ ו ת פון׳ם קעניג אַ ח ש ו ר ו ש, און ער האָט געפאָדערט, זיי זאָלן אויף ווייטער יעדעס יאָר מאַכן דעם פערצנטן און דעם פופצנטן טאָג אין אָ ד ר פאַר אַ י ו ם ־ ט ו ב, פאַר אַ טאָג פון פרייד און פון מאָלציַיט, פון שיקן ש ל ח מ נ ו ת (שלאַך מאָנעס) איינער צום אַנדערן און מ ת נ ו ת צו אָרימעלייט. און די אידן האָבן דאָס גענומען אויף זיך, און זיי מאַכן דעם י ו ם ־ ט ו ב פ ו ר י ם פון ד ו ר צו ד ו ר, פון מ ש פ ח ה צו מ ש פ ח ה, אין יעדער שטאָט און אין יעדער מ ד י נ ה. און קיינמאָל וועלן די דאָזיקע טעג פון פ ו ר י ם ניט פאַרבייגיין און ניט פאַרגעסן ווערן צווישן די אידן.

## 66. י ה ו ד י ת.

### דער קעניג פון אַ ש ו ר שיקט האָלאָפערנוסן. איינצונעמען אַלע לענדער ביז׳ן י ם.

אין אַ צייט אַרום האָט די אידן ווידער געדראָט אַ גרויסע געפאַר. דער קעניג פון אַ ש ו ר האָט באַשלאָסן איינצונעמען אַלע לענדער ביז׳ן י ם, קליינאַזיע און סיריע, דאָס לאַנד פון די אידן אַריינגערעכנט.

האָט ער גערופן צו זיך זיין הויפּט־גענעראַל האָלאָפערנוסן און אים געזאָגט: „נעם צונויף אַ גרויסן ח י ל (כאַאיל) פון פוסגייער און רייטער און גיי אַרויס אַנטקעגן די אַלע פעלקער, וואָס וואוינען צווישן אונזער לאַנד און דעם גרויסן י ם. די פון זיי, וואָס וועלן זיך דיר אונטערגעבן, זאָלסטו זיי לאָזן לעבן, און דו וועסט בלייבן הערשן איבער זיי. און די, וואָס וועלן זיך דיר שטעלן אַנטקעגן, זאָלסטו זיי פאַרוויסטן און אָפּווישן פון דער ערד, און אַלץ, וואָס זיי פאַרמאָגן, זאָלסטו צערויבן״.

האָט האָלאָפערנוס געטאָן אַזוי, ווי דער קעניג האָט אים געהייסן. און ער האָט זיך מיט זיין גאַנצער אַרמיי אַוועקגעלאָזן קעגן אַלע פעל־

קער, וואָס האָבן באַוואוינט סיריע. און וואו נאָר מ'האָט זיך אים גע־שטעלט אַנטקעגן, האָט ער אַלע איַינוואוינער דער' ה ר ג'עט מיט'ן שווערד, זייער האָב און גוטס צערויבט און די שטעט — פאַרניכטעט מיט פייער. און ער האָט אַנגעוואָרפן אַ שרעק אויף אַלע איַינוואוינער פון די לענדער, וואָס ביַים ברעג י ם.

האָבן די פאַרבליבענע פעלקער געשיקט ש ל ו ח י ם צו האָ־לאָפערנוסן און אים געזאָגט: „מיר זיַינען דיַינע קנעכט, טו מיט אונז, ווי דו פאַרשטייסט". האָט האָלאָפערנוס אַוועקגעשטעלט סאָלדאַטן אין אַלע פעסטע שטעט, כ ד י צו היטן אָרדענונג; און די שטאַר־קע מענער פון אַלע לענדער האָט ער גענומען און געמאַכט פון זיי אָפטיילונגען צו פאַרשטאַרקן זיַין ח י ל. און וואוהין נאָר ער איז אָנגעקומען, האָט די באַפעלקערונג אים באַגעגנט מיט מוזיק און טענץ און אַרויסגעוויזן גרויס אונטערטעניקייט.

## 67. די אידן גרייטן זיך צו שטעלן זיך אַנטקעגן.

נאָכדעם ווי האָלאָפערנוס האָט געלאָזן זיַין אַרמיי אויסרוען זיך, האָט ער זיך געלאָזט אין דעם לאַנד פון די אידן.

אין י ר ו ש ל י ם איז דעמאָלט געווען כ ו ה ן ־ ג ד ו ל א ל י ק י ם (עליאָקים). האָט ער געשיקט מענשן אין אַלע אידישע פעסטע שטעט און באַפוילן, מ'זאָל זיי פאַרשטאַרקן און אַרום די אָפענע שטעט זאָל מען אויפבויען מויערן. אין דער שטאָט ב ת ו ל און אייניקע אַנדערע שטעט, וואָס ביַי דעם טאָל י ז ר ע א ל, וואו האָלאָפערנוסעס מ ח נ ו ת האָבן זיך געפונען, האָט ער געהייסן אַוועקשטעלן אַ שטאַרקע וואַך אויף די בערג, וואָס שליסן דעם טאָל, וועלכער פירט אין י ה ו ד ה. „אויב איר וועט אָפּהיטן די בערג, האָט ער זיי געזאָגט, וועט איר מיט אַ קלענער צאָל מענשן קאָ־נען אָפּהאַלטן דעם פיַינט, וויַיל דער וועג צווישן די בערג איז זייער ענג".

ווען האָלאָפערנוס האָט זיך דערוואוסט, אַז די אידן האָבן זיך באַוואָפנט און צוגעגרייט צו שטעלן זיך אַנטקעגן, איז ער געוואָרן זייער דערצאָרנט. האָט ער צונויפגערופן די פירער פון די פעלקער, וואָס האָבן געוואוינט ביַים ברעג פון י ם, און זיי געפרעגט: „וואָס פאַר אַ פאָלק זיַינען דאָס די, וואָס וואוינען דאָרט אויף די בערג, וואָס

זיי זײַנען ניט געקומען אויסדריקן מיר זייער טרײַישאַפט? ווי שטאַרק זײַנען זיי? ווער איז זייער קעניג און ווער — זייער קריגס-פירער?"

האָט איינער פון די קריגספירער פון עמון — אַכיאָר האָט ער געהייסן — געזאָגט צו האָלאָפערנוסן: „דאָס פאָלק, וועגן וועלכן דו פרעגסט, דינען ניט צו קיינעם פון אונזערע געטער; זיי האָבן זייער גאָט און זייער תורה, וועלכע זיי היטן אָפּ. און אַזוי לאַנג, ווי זיי זײַנען געטרײַ זייערע געזעצן, קאָן זיי קיינער ניט באַזיגן. בלויז דאַן, ווען זיי זינדיקן און הייבן אָן אויפצופירן זיך שלעכט, קאָן מען זיי אײַננעמען און צעשלאָגן. דו דאַרפסט דעריבער אויסגעפינען, צי זיי זײַנען זינדיק און לעבן צווישן זיך שלעכט. דאַן קאָנסטו גיין קעגן זיי און דו וועסט זיי לײַכט באַזיגן. אויב אָבער זיי זײַנען ערלאַך און לעבן צווישן זיך גוט, הייב זיך בעסער מיט זיי ניט אָן, ווײַל דו וועסט זיך באַדעקן מיט שאַנדע".

איז האָלאָפערנוס געוואָרען אין כעס אויף אַכיאָרן און אים געזאָגט: „איך זע, אַז דו ביסט אונטערגעקויפט פון די אידן. ווײַל ווער איז דאָס שטאַרקער פון דער גרויסער אַרמיי פון מײַן קעניג? און ווער וועט זיי ראַטעווען פון מײַנע הענט? און דו, אַכיאָר, וועסט מיך ניט זען, ביז איך וועל ניט אויס׳ה ר ג ׳ענען זיי אַלע. איך וועל הייסן, מײַנע קנעכט זאָלן דיך אַרײַנוואַרפן אין איינער פון זייערע שטעט. און ווען איך וועל אײַננעמען יענע שטאָט, וועל איך דיך דע-מאָלט פאַרניכטן צוזאַמען מיט זיי".

האָבן האָלאָפערנוסעס דינער געבונדן אַכיאָרן, צוגעטראָגן אים צו דער שטאָט בתול און אויף אַ שטריק אַראָפּגעלאָזן אים פון די בערג. זײַנען די אידן פון שטאָט אַרויס, אַרײַנגעבראַכט אַכיאָרן אין שטאָט אַרײַן, אָפּגעבונדן די שטריק פון זײַנע הענט און געבראַכט אים פאַר די עלטסטע פון שטאָט. און אַכיאָר האָט זיי דערציילט, פאַר-וואָס האָלאָפערנוס האָט געהייסן אים אַרײַנוואַרפן צו די אידן אין שטאָט אַרײַן, און וואָס ער האָט פאַרשפּראָכן צו טאָן צו אַלע אידן. האָבן די אידן זיך שטאַרק דערשראָקן, און אַ טויט פון זיי האָבן גע-וויינט.

אָבער איינער פון די עלטסטע, עוזיה (אוזיאַ), האָט באַרו-איקט דעם עולם; ער האָט אויך געמאַכט אַ מאָלצײַט פאַר אַכיאָרן און אַרײַנגענומען אים צו זיך אין הויז.

## 68. די איינוואוינער פון ב ת ו ל באַשטימען אונטערצוגעבן זיך אין פינף טעג.

אויף מאָרגן איז האָלאָפערנוס מיט זײַנע קריגספירער און אַן אָפּטײלונג פון זײַן אַרמײ געגאַנגען אַרומקוקן דעם פּלאַץ. האָט ער געפונען די קוואַלן, פון וואַנען די אײַנוואוינער פון דער שטאָט ב ת ו ל האָבן גענומען זײער וואַסער. האָט ער פאַרשטאָפּט די קוואַלן און אוועקגעשטעלט אַרום זײ אַ שטאַרקע וואַך.

האָבן די אײַנוואוינער פון ב ת ו ל אַלץ מער אָנגעפאַנגען צו פילן דעם דאָרשט. ווײַל קײַן רעגן איז ניט געגאַנגען, און דאָס וואַסער פון די גרובן האָט זיך ביסלאַכווײַז אויסגענומען, און קײַן וואַסער פון דרויסן האָט מען ניט געקענט קריגן. האָבן זיך די אײַנוואוינער פון שטאָט פאַרזאַמלט און געזאָגט צו די עלטסטע: „איר זעט דאָך, אַז מיר קאָנען לאַנג ניט אויסהאַלטן. לאָמיר בעסער איבערגעבן די שטאָט אין די הענט פון האָלאָפערנוסן. ער וועט טאַקע די שטאָט אונזערע צערויבן, און א פ ש ר וועט מען אונז פאַרקויפן פאַר קנעכט, אָבער דאָך וועלן מיר בלײַבן לעבן. אַז ניט, וועלן מיר אַלע שטאַרבן פון דאָרשט“.

האָט דער עלטסטער ע ו ז י ה געזאָגט צום פאָלק: „לאָמיר וואַרטן נאָך פינף טעג. אויב פאַר דער צײַט וועט ניט קומען קײַן הילף, וועלן מיר טאָן אַזוי, ווי איר האָט געזאָגט. און דערווײַל זאָל יעדערער גײן צו זײַן אַרבעט“.

און אין דער שטאָט ב ת ו ל האָט געלעבט אײנע אַ פרוי י ה ו ד י ת. זי איז געבליבן אַן א ל מ נ ה. איר מאַן האָט מיט דרײַ יאָר צוריק זומערצײַט באַקומען אַ היץ־שלאַג, ווען ער איז געווען אין פעלד, איז קראַנק געוואָרן און אַוועקגעשטאָרבן. פון דעמאָלט אָן האָט י ה ו ד י ת געטרויערט אויף איר מאַן; זי איז אין ערגעץ ניט געגאַנגען און מיט קײנעם ניט פאַרבראַכט. און י ה ו ד י ת איז געווען זײער אַ שײנע און אַ פרומע.

ווען זי האָט דערהערט, וואָס ע ו ז י ה האָט פאַרשפּראָכן דעם פאָלק, האָט זי געשיקט איר דינסט, גערופן צו זיך די עלטסטע פון שטאָט און זײ געזאָגט: „מיך פאַרדריסט זײער, וואָס איר האָט דעם פאָלק געגעבן פינף טעג. און ווי אַז אין פינף טעג וועט ניט קומען קײַן הילף, מוז מען זיך דען אונטערגעבן? קאָן דען קײַן הילף ניט קומען שפּעטער?“

האָט איר ע ו ז י ה געזאָגט: „דו ביסט זייער קלוג און ביסט גערעכט. אָבער דאָס פאָלק איז דאָרשטיק. א פ ש ר וואָלסטו גע־בעטן אויף רעגן. וואָלטן זיך אונזערע גרובן אָנגעפילט, דאָס פאָלק וואָלט געהאַט צו טרינקען, און מיר וואָלטן ניט געדאַרפט איבערגעבן די שטאָט".

האָט אים י ה ו ד י ת געזאָגט: „מיר ווייסן, אַז דו ביסט אַ העל־וואָס צו העלפן אונזער שטאָט. פרעגט ביי מיר איצט ניט, וואָס דאָס איז, איך יועל אייך ניט זאָגן. נאָר ביינאַכט זייט ביים טויער פון שטאָט און לאָזט מיך אַרויס".

האָט ע ו ז י ה איר געענטפערט: „גיי געזונטערהייט און באַ־גליק"

אין י ה ד י ת האָט אַראָפּגענומען אירע טרויער־קליידער, האָט זיך אויסגעוואַשן, אָנגעטאָן אירע שענסטע קליידער און צירונג, כדי צו געפעלן ווערן די, וואָס וועלן זי זען. זי האָט אויך אַריינ־געלייגט אין אַ זאַק ברויט און פרוכט און וויין און אויל, געגעבן עס דער דינסט, און זיי זיינען אַוועק צום טויער פון שטאָט. דאָרטן זיינען שוין געשטאַנען ע ו ז י ה און די אַנדערע עלטסטע. ווען זיי האָבן זי דערזען, האָבן זיי זיך געוואונדערט איבער איר שיינקייט. זיי האָבן געהייסן עפענען פאַר איר דעם טויער, און זי איז מיט איר דינסט אַרויס פון שטאָט.

ווען זי איז געגאַנגען אין טאָל, האָבן זי באַגעגנט די וועכטער און געפרעגט, ווער זי איז און וואוהין זי גייט. האָט זי זיי געזאָגט, אַז זי איז אַ אידישע פרוי, אַז זי איז אַנטלאָפן פון דער שטאָט, ווייל זי האָט געזען, אַז אַלע וועלן סיי ווי אַריינפאַלן צו האָלאָפערנוסן אין די הענט. איצט וויל זי גיין און ווייזן האָלאָפערנוסן דעם וועג, ווי אַזוי צו קומען אין שטאָט אַריין, אַזוי אַז קיינער פון זיינע מענשן זאָלן ניט ליידן.

האָבן די וועכטער צונויפגענומען הונדערט מענשן, געהייסן באַגלייטן זי צו האָלאָפערנוסן און איר געזאָגט: „דו האָסט זייער גוט געטאָן, וואָס דו ביסט אַרויסגעקומען. איצט גיי און זאָג אונזער האַר דעם גאַנצן א מ ת. ער וועט דיך זיכער באַלוינען".

האָט מען געבראַכט י ה ו ד י ת'ן צום געצעלט פון האָלאָפערנוסן, און מ'האָט אים דערציילט, אַז עס איז געקומען אַ אידישע פרוי. האָט

ער זי געהייסן אריינברענגען. איז י ה ו ד י ת אריין און געפאלן פאר אים אויף דער ערד. האט ער זי געהייסן אויפהייבן און געזאגט: „האב ניט קיין מ ו ר א, טאכטער! מ'וועט דיר ביי אונז קיין שלעכטס ניט טאן. דו זאג מיר נאר, פארוואס ביסטו אנטלאפן אהער".

האט איר י ה ו ד י ת געזאגט: „מיר ווייסן, אז דו ביסט א העל־דישער מאן; אלע זיינען גרייט דיך צו פאלגן. און דיין ח כ מ ה איז באקאנט איבער'ן גאנצן לאנד. מיר האבן אויך געהערט, וואס דער קריגספירער אכיאר האט דיר געזאגט וועגן די אידן. וויל איך דיר זאגן: זאלסט ניט אוועקמאכן מיט דער האנט, וואס ער האט דיר גע־זאגט. עס איז א מ ת, אז מ'קאן זיי באזיגן בלויז דאן, ווען זיי זינדיקן און טוען שלעכטס. באלד אבער וועלן זיי קומען צו א צושטאנד, ווען זיי וועלן מוזן זינדיקן. עס גייט ביי זיי אוים די שפייז, און זיי האבן באשלאסן צו עסן די פרוכט און די ת ב ו א ה, וואס עס קומט די כ ו ה נ י ם, ווי אויך די ח י ו ת און ב ה מ ו ת, וואס עס איז זיי פארבאטן צו עסן. דעמאלט וועסטו קאנען גיין און לייכט באזיגן זיי. און וויל איך האב דאס געוואוסט, בין איך אנטלאפן פון דארט און געקומען צו דיר.

„איך וויל דיך נאר בעטן איין זאך: ערלויב מיר יעדע נאכט ארויסגיין פון דיין לאגער און בעטן גאט. און ווען די צייט וועט קומען וועל איך דיך פירן מיט א ריכטיקן וועג אזש ביז י ר ו ש ל י ם, און דו וועסט איינגעמען דאס גאנצע פאלק, ווי שעפסן, וואס האבן ניט קיין פאסטוך. און קיין הונט וועט קיין ביל ניט טאן".

זיינען האלאפערנוסן און זיינע הארן געפעלן געווארן אירע קלוגע רייד. האט ער צוגעשטימט צו דעם, וואס י ה ו ד י ת האט געבעטן, און זי איז מיט איר דינסט געבליבן וואוינען אין דעם געצעלט. וואו עס זיינען געלעגן זיינע א ו צ ר ו ת. י ה ו ד י ת האט זיך אנטזאגט צו עסן פון האלאפערנוסעס שפייז, און זי האט געגעסן און געטרונקען פון דעם, וואס זי האט געבראכט מיט זיך. און יעדע נאכט פלעגט זי ארויסגיין מיט איר דינסט פון לאגער און זאגן אירע ת פ י ל ו ת.

## 69. י ה ו ד י ת דער'ה ר ג'עט האלאפערנוסן.

אויפ'ן פערטן טאג האט האלאפערנוס געמאכט א מאלצייט און געבעטן י ה ו ד י ת'ן קומען צו אים. האט י ה ו ד י ת אנגעטאן אירע שענסטע קליידער, זיך אויסגעפוצט און איז אוועק צו אים אין גע־

צעלט. און די דינסט אירע איז געגאַנגען פאַר איר און אַרײַנגע־בראַכט די קישנס, אויף וועלכע י ה ו ד י ת האָט געדאַרפט זיצן. זי האָט אויך געבראַכט פאַר איר האָרינטע זאַכן צו עסן און צו טרינקען.

ווען האָלאָפערנוס האָט דערזען י ה ו ד י ת׳ן, איז זי אים זייער געפעלן געוואָרן. האָט ער זי געבעטן, זי זאָל טרינקען און פריילאַך זײַן. האָט י ה ו ד י ת זיך ניט געלאָזט בעטן און געטרונקען פון איר ווײַן. און האָלאָפערנוס האָט געטרונקען נאָכאַנאַנד, ביז ער איז ש י כ ו ר געוואָרן.

בײַ האַלבער נאַכט זײַנען אַלע דינער האָלאָפערנוסעס אַרויסגע־גאַנגען, און עס זײַנען געבליבן אין געצעלט בלויז ער, י ה ו ד י ת און איר דינסט. זיי האָבן נאָך געטרונקען, ביז האָלאָפערנוס איז אַ ש י כ ו ר׳ער אַוועקגעפאַלן אויף זײַן בעט און איז אײַנגעשלאָפן.

האָט י ה ו ד י ת געזאָגט צו איר דינסט: „גיי אַרויס און וואַרט אויף מיר בײַם געצעלט, ביז איך וועל אַרויסקומען, און מיר וועלן בײדע, ווי געוויינטלאַך, אַרויסגיין פון לאַגער זאָגן מײַנע ת פ י ל ו ת".

ווען די דינסט איז אַרויס, איז י ה ו ד י ת צו צום זײַל פון געצעלט, אַראָפּגענומען פון דאָרט האָלאָפערנוסעס שווערד, איז צוגע־גאַנגען צום שלאָפנדן האָלאָפערנוסן, אָנגענומען אים פאַר די האָר און מיט צוויי קלעפּ אָפּגעהאַקט אים דעם קאָפּ. זי האָט אַראָפּגענומען דעם טעפּיך פון זײַל, אײַנגעוויקלט אין אים דעם קאָפּ און איז אַרויס פון געצעלט. זי האָט געהייסן דער דינסט אַרײַנלייגן דאָס פּעקל מיט׳ן קאָפּ אין זאַק, און זיי זײַנען, אַזוי ווי אין די פריערדיקע נעכט, אַרויס פון לאַגער, און קיינער האָט זיי ניט אָפּגעשטעלט.

מיט שנעלע טריט זײַנען זיי אַוועק פון דעם לאַגער פונ׳ם פײַנט, אַרויפגעקלעטערט אויפ׳ן באַרג און צוגעקומען צום טויער פון דער שטאָט. און י ה ו ד י ת האָט גערופן צו די וועכטער, זיי זאָלן עפענען דעם טויער.

ווען די וועכטער האָבן דערהערט איר ק ו ל, האָבן זיי זיך פאַר־וואונדערט. זיי האָבן באַלד געלאָזט וויסן וועגן דעם די עלטסטע פון שטאָט, און ביסלאַכווײַז האָבן זיך אַלע אײַנוואוינער פון שטאָט דער־וואוסט, אַז י ה ו ד י ת איז צוריקגעקומען.

מ׳האָט געעפנט דעם טויער, און י ה ו ד י ת מיט איר דינסט זײַנען אַרײַנגעקומען. אַלע האָבן זיי אַרומגערינגלט. דעמאָלט האָט י ה ו ד י ת אַרויסגענומען פון זאַק האָלאָפערנוסעס קאָפּ און אים

געוויזן די פאַרזאַמלטע: „דאָס איז דער קאָפּ פון אײַער הויפּט-פּײַנט, — האָט זי געזאָגט, — און דער טעפּיך איז דער פאָרהאַנג פון זײַן בעט. און אומגעקומען איז ער דורך אַ פרוי!".

דאָס פאָלק האָט אויפגעציטערט. און ע ו ז י ה איז צוגעגאַנגען צו י ה ו ד י ת'ן און זי געבענשט און געלויבט און געדאַנקט.

## 70. די אידן פאַרטרייבן דעם פיינט.

און י ה ו ד י ת האָט געזאָגט צו די ע ל ט ס ט ע פון שטאָט: „הערט נאָר צו, וואָס איך וואָלט אײַך געראָטן: נעמט דעם קאָפּ, שטעקט אים אַרויף אויף אַ הויכן שטאַנג אויף דער וואַנט, און אין דערפרי טוט אָן אײַערע וואָפן און גייט אַרויס פון שטאָט, אַזוי ווי איר וואָלט געוועהן גרייט אַראָפּצוגיין פון באַרג. ווען דער פּײַנט וועט אײַך דערזען, וועלן זיי זיך אויך באַוואָפענען און לויפן אָנזאָגן זייערע קריגס-האַרן. און ווען די לעצטע וועלן אַרײַן צו האָלאָפערנוסן אין געצעלט און אים געפינען טויט, וועלן זיי פאַרציטערט ווערן און פאַרלירן זייער מוט, און דער פּײַנט וועט זיך צעלויפן. דעמאָלט לויפט נאָך נאָך זיי, און איר וועט זיי צעשלאָגן און אויסראָטן".

„איך וואָלט אָבער אויך געבעטן, איר זאָלט ברענגען אַכיאָרן, ער זאָל מיט זײַנע אויגן זען דעם קאָפּ פון דעם, וואָס האָט געזידלט און געלעסטערט די אידן".

האָט מען געבראַכט אַכיאָרן. און ווען ער האָט דערזען האָלאָפערנוסעם קאָפּ, איז ער פאַרטרייסלט געוואָרן און האָט גע'ח ל ש 'ט. ווען מען האָט אים צו זיך געבראַכט, האָט ער געלויבט י ה ו ד י ת'ן. און זי האָט זיי דערציילט וועגן אַלץ, וואָס זי האָט געזען אינ'ם לאַגער פונ'ם פּײַנט. און דאָס פאָלק האָט געזונגען און זיך געפרייט אַ גאַנצע נאַכט.

פאַרטאָג האָט מען אַרויפגעשטעקט האָלאָפערנוסעס קאָפּ אויף אַ הויכן שטאַנג אויפ'ן מויער פון שטאָט, און אַלע אידן האָבן זיך באַוואָפנט און אַרויס פון שטאָט.

ווען דער ש ו נ א האָט דאָס דערזען, האָבן זיי אָנגעגורט זייערע שווערדן און אויפגעוועקט זייערע גענעראַלן. און ווען האָלאָפערנוסעס דינער איז אַרײַן צו אים אין געצעלט אויפוועקן אים, האָט ער אים געפונען וואַלגערן זיך אויף דער ערד מיט אַן אָפּגעהאַקטן קאָפּ.

מיט גרויס געשריי איז דער דינער אַרייַנגעפאַלן אינ'ם געצעלט, וואו יהודית האָט געדאַרפט זייַן, אָבער ער האָט זי דאָרטן ניט גע־טראָפן.

איז ער אַרויסגעלאָפן צו די געגעראַלן און זיי דערציילט, וואָס עס האָט פּאַסירט, און ער האָט צוגעגעבן: „אַ אידישע פרוי האָט צו שפּאָט און צו שאַנד געמאַכט דעם נאָמען פון אונזער קעניג און פון אַלע זייַנע האַרן".

ווען די קריגסהאַרן האָבן דאָס דערהערט, זייַנען זיי פּאַרציטערט געוואָרן און צעריסן אויף זיך די קליידער. און אין דעם גאַנצן לאַגער איז געוואָרן אַ גרויסער טומל, און אַלע האָבן גענומען אייַלן זיך צו אַנטלויפן. און די אידן האָבן זיי, די צעטומלטע, נאָכגעיאָגט און גע־שלאָגן. און עוזיה האָט צעשיקט שלוחים איבער אַלע אי־דישע שטעט און שטעטלאַך און געלאָזט וויסן, וואָס עס האָט גע־טראָפן, און אויפגעפאָדערט זיי, זיי זאָלן זיך באַוואָפענען און נאָכ־יאָגן דעם פייַנט, ביז זיי וועלן אים פאַרניכטן.

האָבן די אידן אַזוי געטאָן און זיי האָבן זיך באַפרייַט פון זייערע פייַנט.

## 71. דער כוהן-גדול באַדאַנקט יהודית'ן.

דעמאָלט איז דער כוהן-גדול אליקים צוזאַמען מיט די עלטסטע פון ירושלים געקומען באַגריסן יהודית'ן און האָבן איר געזאָגט: „דו ביסט אַ צירונג פאַר דער שטאָט און פאַר'ן גאַנצן אידישן פאָלק. דו האָסט אויפגעטאָן אַ גרויסע און העלדישע זאַך. זיי געבענשט! און דייַן נאָמען זאָל פאַרבלייַבן אַ בענשונג אויף אייביק און אייביק".

האָט דאָס גאַנצע פאָלק געענטפערט: „אָמן!"

און יהודית'ס נאָמען איז גרויס געוואָרן איבער'ן גאַנצן לאַנד. אַ סך מענער האָבן געבעטן איר האַנט און געוואָלט חתונה האָבן מיט איר. אָבער נאָך איר מאַן מנשה האָט זי מיט קיינעם ניט געוואָלט מער חתונה האָבן און איז געבליבן אַן אלמנה. זי האָט באַפרייַט איר דינסט, און האָט אַליין געלעבט אין דער שטאָט בתול ביז אין עלטער פון הונדערט און פינף יאָר. און די גאַנצע צייַט, וואָס זי האָט געלעבט, ווי אויך אַ סך יאָרן נאָך איר טויט, האָט אין לאַנד געהערשט פרידן און רו.

## 72. אַלעקסאַנדער מוקדון און די אידן.

די פּערסישע קעניגן, וואָס האָבן אײַנגענומען די גרויסע מלוכה פון בבל אין אַזיע, ווי אויך מצרים, האָבן געוואָלט אויס־שפּרייטן זייער הערשאַפט אויך איבער אייראָפּע. די ערשטע, אויף וועמען זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן אין אייראָפּע, זײַנען געווען די גריכן, וואָס האָבן געוואוינט אויפ׳ן באַלקאַנישן האַלבאינזל.

דער קעניג דריוש, דער זעלביקער, וואָס האָט באַשטעטיקט פאַר די אידן די ערלויבעניש צו בויען דעם טעמפּל, איז דער ערשטער געגאַנגען אין גריכנלאַנד מיט אַ גרויסער אַרמיי און מיט אַ סך שיפן, כדי צו באַזיגן און אונטערטעניק מאַכן די גריכן.

די גריכן זײַנען געווען צעטיילט און איסגעבילדעט אַ סך באַזונדערע קליינע מלוכה׳לאַך, פון וועלכע אַטען און ספּאַרטאַ זײַנען געווען די גרעסטע און שטאַרקסטע. זיי האָבן ניט זעלטן גע־קעמפט איינע מיט די אַנדערע. אָבער די געפאַר פון די פּערסן האָט זיי פאַראייניקט.

די פּערסן האָבן צוערשט אַ פּאָר מאָל צעשלאָגן די גריכן. אָבער זיי האָבן זיי ניט אײַנגענומען. און די גריכן האָבן זיך אַלץ מער צו־געגרייט און אַרויסגעוויזן אַלץ אַ גרעסערן ווידערשטאַנד.

צוליב דעם לאַנגן קאַמף צווישן די צוויי פעלקער, איז די שנאה פון די גריכן צו די פּערסן אַלץ מער געוואַקסן. און די גריכן האָבן גע־שוואוירן נקמה צו נעמען פון די פּערסן.


אַלעקסאַנדער.

ווען אין גריכנלאַנד איז געוואָרן קעניג דער יונגער אַלעקסאַנדער, דער זון פון פיליפּ, פון מאַ־קעדאָניע, האָט ער צוערשט פאַרפעסטיקט זײַן מאַכט אין גאַנץ גריכנלאַנד, און דערנאָך האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט אין אַזיע — אײַנצונעמען פּערסיע. ער האָט געוואונען אין דעם קאַמף איין שלאַכט נאָך דער אַנדערער, ביז ער האָט אינ־גאַנצן צעשלאָגן די פּערסישע אַרמיי און גענו־מען געפאַנגען דעם פּערסישן קעניג קאָדאָמאַן.

דעמאָלט האָט זיך אַלעקסאַנדער אַוועקגעלאָזט אײַננעמען די פילע פאַרשידענע פעלקער און לענדער, וואָס זײַנען געווען אַ טייל פון דער גרויסער פּערסישער מלוכה.

ווען אַלעקסאַנדער האָט איינגענומען די שטאָט ד מ ש ק (דאַ־מעסעק), האָט ער אָנגעשריבן אַ בריף צו י ד ו ע (יעדוא) דעם כ ו ה ן־ג ד ו ל אין י ר ו ש ל י ם. אינ'ם בריף האָט ער געפאָ־דערט, י ד ו ע זאָל אים שיקן אַ אידישן ח י ל צו העלפן אים אין דער מ ל ח מ ה; ער זאָל געבן שפּייז פאַר זיינע מאַקעדאָנישע סאָלדאַטן און זאָל איינצאָלן אים די צינזן, וואָס ער פלעגט ביז איצט צאָלן די פּערסישע קעניגן. אַזוי אַרום וועט ער ווערן אַלעקסאַנ־דערס אַ פריינט.

אויף דעם האָט אים י ד ו ע געענטפערט: „איך האָב געגעבן ד ר י ו ש'ן אַ ש ב ו ע ה, אַז איך וועל ניט פירן קעגן אים קיין מ ל ח מ ה און וועל ניט שטיצן זיינע ש ו נ א י ם. וועל איך מיין ש ב ו ע ה האַלטן".

ווען אַלעקסאַנדער האָט באַקומען אָט דעם בריף, איז ער זייער בייז געוואָרן.

האָט ער געשיקט אַ צווייטן בריף צו י ד ו ע'ן און אים גע־לאָזט וויסן, אַז אַזוי שנעל ווי ער וועט איינגעמען די שטאָט צור (צויר), וועט ער זיך לאָזן אויף י ר ו ש ל י ם. און ווען ער וועט באַזיגן די אידן, וועט ער זיי אַזוי גרויזאַם באַשטראָפן, אַז אַלע וועלן וויסן, ווי ער באַגייט זיך מיט אַ פאָלק, וואָס וויל ניט אונטערוואַרפן זיך זיין הערשאַפט.

און די כ ו ת י ם, אָדער ש ו מ ר ו נ י ם, די געשוואָרענע פיינט פון די אידן, זיינען געקומען צו אַלעקסאַנדער מוקדון און אים געזאָגט:

„די איינוואוינער פון י ה ו ד ה זיינען אַלעמאָל געווען געטריי דעם פּערסישן קעניג, און זיי זיינען קעגן דיר. זיי וועלן טאָן אַלצ־דינג, כ ד י דיר צו שעדיקן. זיי לייגן ניט קיין אַכט אויף דיר, גרוי־סער קעניג! גיב דערפאַר איבער אין אונזערע הענט זיי און דעם הייליקן טעמפּל זייערן, אַרום וועלכן זיי האַלטן זיך פעסט, און וואָס איז דער צענטער פון זייער שטאָלץ און פון זייער ווידערשפּעניקייט; און מיר וועלן זיי פאַרניכטן, ווייל זיי זיינען דיינע פיינט".

האָט אַלעקסאַנדער מוקדון געגלויבט די ש ו מ ר ו נ י ם און זיי געגעבן די דערלויבעניש צו טאָן מיט די אידן, ווי זייער האַרץ גלוסט.

איז מען געקומען צו י ד ו ע דעם כ ו ה ן - ג ד ו ל, און מ'האָט אים דערציילט, וואָס פאַר אַן אומגליק עס שטייט פאַר די אידן און דעם הייליקן טעמפּל. האָבן די אידן פאַרשטאַנען, אין וואָס פאַר אַ צ ר ה זיי זײַנען.

און ווען אַלעקסאַנדער האָט אײַנגענומען די שטאָט צ ו ר, האָט ער זיך געלאָזט גיין אויף י ר ו ש ל י ם. האָבן זיך די אידן מ י ש ב (מעיאַשעוו) געווען, וואָס צו טאָן, און באַשלאָסן — עפענען אַלע טויערן פון שטאָט, אַרויס אַנטקעגן אַלעקסאַנדערן און אונטערגעבן זיך צו אים.

האָט י ד ו ע אָנגעטאָן זײַנע פּראַכטפולע כ ה ו נ ה-קליידער, מיטגענומען מיט זיך די גרעסטע מענער פון י ר ו ש ל י ם, און מיט פאַקלען אין די הענט זײַנען זיי דורך דער גאַנצער נאַכט געגאַנגען צום קעניג. די אידן זײַנען געגאַנגען פון י ר ו ש ל י ם, און אַלעקסאַנ-דער מוקדון מיט זײַן גאַנצער סוויטע און מיט זײַן אַרמיי איז געגאַנ-גען קײַן י ר ו ש ל י ם.

ווען דער מאָרגנשטערן איז אויפגעגאַנגען, האָט אַלעקסאַנדער באַמערקט אַ מ ח נ ה פון דער ווײַטנס. האָט ער געפרעגט: „ווער זײַנען דאָס יענע מענשן, וואָס קומען אָן אונז אַנטקעגן?"

האָבן די כ ו ת י ם געענטפערט: „דאָס גייען טאַקע די אידן, וואָס האָבן ווידערשפּעניקט קעגן דיר".

איז אַלעקסאַנדער געגאַנגען ווײַטער, און אין אַנטיפּאַטער האָט ער זיך באַגעגנט מיט די אידן. ווען אַלעקסאַנדער האָט דערזען י ד ו ע'ן אין די פּראַכטפולע כ ה ו נ ה-קליידער זײַנע, איז ער אַראָפּ פון זײַן רײַטוואָגן און זיך פאַרנייגט פאַר אים.

האָבן אַלעקסאַנדערס באַגלייטער אין גרויס פאַרוואונדערונג אויסגערופן: „דו, גרויסער קעניג, וואָס דו האָסט באַזיגט די גאַנצע וועלט, נייגסט זיך פאַר אַ אידן!"

האָט אַלעקסאַנדער זיי געענטפערט: „די וואונדערבאַרע גע-שטאַלט פון אָט דעם הייליקן מאַן שוועבט שטענדיק פאַר מײַנע אויגן, ווען איך בין אויפ'ן שלאַכטפעלד, און מונטערט מיך אויף צום זיג. איר ווייסט דאָך: עס זײַנען געווען אַ ס ך פאַלן, ווען דער ש ו נ א

אונזערער האָט זיך געשטאַרקט און שוין געהאַלטן אין באַזיגן אונז; און איך פלעג שוין טראַכטן — עס איז געקומען אונזער ס ו ף. אָבער יעדעס מאָל פלעגט אין אַזאַ צ ר ה זיך באַווייזן פאַר מיר אַ געשטאַלט, ענלאַך צו דער געשטאַלט פון אָט דעם כ ו ה ן; איך פלעג צוריק באַקומען מיין מוט, און מיט פאַרגרעסערטע קרעפטן זיך וואַרפן אויפ'ן ש ו נ א און אים באַזיגן".

ווען די האַרן אַלעקסאַנדערס האָבן דאָס דערהערט, זיינען זיי אויך צוגעגאַנגען און זיך געניייגט פאַר דעם כ ו ה ן־ ג ד ו ל.

און דער קעניג האָט געפרעגט דעם כ ו ה ן־ג ד ו ל: „וואָס, געטלאַכער מאַן, האָסטו צו בעטן ביי מיר?".

האָט י ד ו ע געזאָגט: „מיר ווילן ביי דיר בעטן פאַר אונזער פאָלק און פאַר אונזער טעמפּל. די כותים האָבן דיר אָנגערעדט אויף אונז שלעכטס; אָבער זיי האָבן דיך אָפּגענאַרט, ווייל זייערע רייד זיינען פאַלש".

האָט אַלעקסאַנדער געפרעגט: און וואָס טוט איר אין אייער טעמפּל? פאַר וועמען בעט איר דאָרטן? האָט י ד ו ע געענטפערט: „אונזער טעמפּל איז אַ געבעט־הויז פאַר אַלע פעלקער. אין אים בעטן מיר אויך פאַר דיר און פאַר דיין קעניגרייך".

האָט אַלעקסאַנדער געזאָגט: „איך גלויב דיר, הייליקער מאַן!". און ער האָט געמאַכט אַ בונד מיט דעם כ ו ה ן־ג ד ו ל. ער האָט די אידן געלאָזן זייער זעלבסט־פאַרוואַלטונג, און די אידן האָבן אים צוגעשוואָרן טרייהייט. און די כ ו ת י ם, די מ ו ס ר י ם, האָט אַלעקסאַנדער איבערגעגעבן אין די אידישע הענט.

אַלעקסאַנדער האָט אויך דערפילט צוויי אַנדערע ב ק ש ו ת פונ'ם כ ו ה ן־ג ד ו ל: ערשטנס — ער זאָל אין דעם יאָר פון ש מ י ט ה, ווען די אידן באַאַרבעטן ניט די פעלדער, באַפרייען זיי פון אַלע שטייערן; און צווייטנס — ער זאָל די אידן, וואָס לעבן אין ב ב ל און אין מ ד י, לאָזן פריי אָפּהיטן זייער גלויבן, ווי ער ערלויבט דאָס די אידן פון י ה ו ד ה.

## 73. אלעקסאַנדער אין ירושלים.

ווען אַלעקסאַנדער איז געקומען אין ירושלים, האָבן די אידן אים געגעבן זייער פיל כּבֿוד, און דער כּהן־גדול האָט אים געפירט ווייַזן דעם בית־המקדש.

אַז אַלעקסאַנדער האָט געזען דעם בית־המקדש אין זייַן גאַנצער שיינקייַט, האָט ער געטראַכט: עס וואָלט גוט געווען, ווען די אידן שטעלן אַרייַן מייַן סטאַטוע דאָ בייַם אַרייַנגאַנג אין די אי־נערלעכע צימערן פון טעמפּל, כּדי עס זאָל דאָ בלייַבן אַן אָנדענק וועגן מיר. און ער האָט וועגן דעם געזאָגט דעם כּהן־גדול.

האָט אים ידוע אויף דעם געענטפערט: „אונזער געזעץ פאַרבאָט אונז אַרייַנצושטעלן אַהער וועלכע עס איז סטאַטוע, אָבער מיר וועלן איבערלאָזן בייַ אונז אַן אַנדער אָנדענק וועגן דיר, אפילו אַ מער דויערנדן: אַלע אינגלאַך, וואָס וועלן דאָס יאָר געבוירן ווערן בייַ אַלע כּהנים, וועלן מיר אָנרופן מיט'ן נאָמען אַלעקסאַנ־דער".

איז דאָס דעם קעניג זייער געפעלן געוואָרן.

און די גאַנצע צייַט, וואָס אַלעקסאַנדער האָט געלעבט, האָט ער זיך זייער פרייַנטלאַך פאַרהאַלטן צו די אידן און זיי געלאָזט פרייַ לעבן און האַלטן זיך אָן זייער גלויבן און אָן זייערע מנהגים.

## 74. אַלעקסאַנדער אין אַפריקע.

### .1

אייַנמאָל האָט אַלעקסאַנדער געזאָגט צו זייַנע הארן און חכמים: „איך וויל זיך לאָזן אין די ווייַטע מדינות פון אַפריקע".

האָבן די חכמים זייַנע אים געזאָגט: „עס איז שווער אַהין צוצוקומען. די הויכע פינסטערע בערג פאַרשטעלן דעם וועג אַהין".

האָט אַלעקסאַנדער געזאָגט: „קומען אַהין האָב איך פעסט באַ־שלאָסן. מ'דאַרף נאָר באַטראַכטן, אויף וואָס פאַר אַן אופן מען דערשלאָגט זיך אַהין".

האָבן זײַנע קלוגע לײַט אים געזאָגט: „נעם לוביאַנער אײַזלען, וואָס זײַנען געוואוינט צו גײן אין דער פינסטער, און נעם אויך מיט קנוילן, וואָס דו זאָלסט בײַם אַרײַנגאַנג אין די פינסטערע בערג צו־בינדן, און דערנאָך זײ פאַנאַנדערוויקלען, כ ד י דו זאָלסט מיט זייער הילף טרעפן דעם וועג צוריק".

האָט אַלעקסאַנדער אַזוי געטאָן און זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן, ביז ער איז געקומען אין קאַרטאַגען, אַזאַ מ ד י נ ה, וואו די פרויען הערשן. האָט ער געוואָלט מיט זײ פאַרפירן מ ל ח מ ה.

זאָגן זײ צו אים: „וועסטו אונז בײַקומען, וועט מען זאָגן — פרויען האָט ער אומגעבראַכט! און וועלן מיר דיך בײַקומען, וועט מען זאָגן — אָט אַ קעניג! פון פרויען איז ער באַזיגט געוואָרן".

האָט אַלעקסאַנדער געהייסן, מ'זאָל אים אַרויסברענגען ברויט.

האָט מען אים אַרויסגעבראַכט גאָלדענע ברויטן מיט גאָלדענע עפל און מילגרוימען. וואונדערט זיך אַלעקסאַנדער: וואָס, גאָלד עסט מען אין אײַער מ ד י נ ה? !

— מײַנסטו, הייסט דאָס, געוויינטלאַך ברויט? צו וואָס זשע האָסטו זיך באַמיט קומען אַהער? פעלט דיר דען געוויינטלאַך ברויט בײַ דיר אין דער היים?

האָט אַלעקסאַנדער פאַרלאָזן יענע מ ד י נ ה. און אויף די טויערן פון דער שטאָט האָט ער געמאַכט אַזאַ אויפשריפט:

„איך, אַלעקסאַנדער מוקדון, בין געווען אַ נאַרישער קעניג, ביז איך בין געקומען קײן אַפריקע, און די פרויען האָבן מיך ש כ ל געלערנט".

## 2.

פון קאַרטאַגען איז אַלעקסאַנדער אַוועק אין אַ צווייטער מ ד י נ ה — אין קאַציע. באַווײַזט אים דער קעניג פון קאַציע זײַנע א ו צ ר ו ת.

זאָגט אים אַלעקסאַנדער: איך בין נישט געקומען אַהער אָנ־צוקוקן אײַער גאָלד און זילבער. מיר ווילט זיך באַקאַנען מיט אײַערע אויפפירונגען און אײַערע געזעצן.

אין דעם ווי זײ רעדן, קומען אָן צוויי מענשן לאָדן זיך פאַר'ן קעניג.

זאָגט אײנער: „קעניג! איך האָב פון אָט דעם מאַן געקויפט

אַן אײַנגעפאַלן הויז. ווי איך נעם זיך אָפּראַמען דעם פּלאַץ, געפין איך דאָרטן באַהאַלטן אין דער ערד אַן אוצר. וויל איך, ער זאָל צו־נעמען דעם אוצר. ער געהערט אים, ווײַל איך האָב דאָך נאָר דאָס הויז אַלײן, אָן אַן אוצר, געקויפט".

און דער צווײטער זאָגט: „איך וויל אויך נישט נעמען דעם אוצר, ווײַל איך האָב דאָך אים פאַרקויפט דאָס הויז מיט אַלץ, וואָס אין אים געפינט זיך — פון'ם אָפּגרונד ביז'ן הימל".

ווען דער קעניג האָט אויסגעהערט די בײדע טענות, האָט ער זיך געווענדט צו אײנעם פון די לאָדער:

— האָסטו אַ זון?

— יאָ.

דערנאָך ווענדט ער זיך צום צווײטן:

— און דו האָסט אַ טאָכטער?

— יאָ.

— אויב אַזוי, — זאָגט דער קעניג, — זאָלן זײ אײנער פאַר'ן אַנדערן חתונה האָבן, און דער אוצר וועט זײַן זײער נדן.

אַלעקסאַנדער האָט אויסגעהערט דעם אורטײל און איז דער־שטוינט געוואָרן.

— וואָס, אפשר ניט גוט געפּסקנ'ט? — פרעגט אים דער קעניג.

— געוויס. — ענטפערט אַלעקסאַנדער.

— און ווי וואָלסטו אין דײַן מדינה געפּסקנ'ט אין אַזאַ פאַל? — האָט דער קעניג געפרעגט.

האָט אַלעקסאַנדער געענטפערט: „איך וואָלט געפּסקנ'ט, דער אוצר זאָל ניט געהערן ניט דעם, ניט יענעם, נאָר דער קרוין".

— אַזוי גאָר! — האָט יענער קעניג געזאָגט. — זאָג זשע מיר: די זון שײַנט אויף אײַך?

— געוויס. — ענטפערט אַלעקסאַנדער.

— און רעגנס גײען בײַ אײַך?

— געוויס.

— אפשר איז קלײנע פי בײַ אײַך אין דער מדינה פאַ־ראַן?

— געווים! — זאָגט אַלעקסאַנדער און קוקט אים אָן פאַרוואונדערט.

— אויב אַזוי, — פירט אוים דער קעניג, — איז טאַקע נאָר צוליב די קלײנע פי שײַנט אויף אײַך די זון און עס גײען רעגנס אין אײַער מ ד י נ ה.

## 75. אַלעקסאַנדער אין אינדיע.

נאָכדעם, ווי אַלעקסאַנדער האָט אײַנגענומען גאַנץ פּערסיע און א ס ך אַנדערע לענדער פון אַזיע, האָט ער באַשלאָסן צו גײן אויף מ ל ח מ ה קײַן אינדיע.

אויפ׳ן וועג האָט ער זיך אָפּגעשטעלט רוען בײַ אַ שטראָם און זיך געזעצט עסן. זײ האָבן געהאַט בלויז אַלטע געזאַלצענע פישלאַך. אָבער ווען מען האָט די פישלאַך אָפּגעשווענקט אין דעם שטראָם, האָבן זײ באַקומען אַ וואונדערבאַרן ט ע ם און ר י ח.

האָט אַלעקסאַנדער געזאָגט: „דאָס איז ניט קײן געוויינטלאַכער שטראָם. ער מוז זיך ציען פון אַ וואונדערבאַרן אָרט. לאָמיר גײן אהין".

האָט אַלעקסאַנדער אָפּגעפרישט זײַן פּ נ י ם אינ׳ם וואַסער פונ׳ם שטראָם און איז אַוועק פאַזע שטראָם ארויף, ארויף, ביז ער איז צוגעקומען צום פּלאַץ, וואו דער שטראָם הײבט זיך אָן.

טוט ער אַ קוק, ערשט דאָס איז דער טויער פון ג ן - ע ד ן.

קלאַפּט אַלעקסאַנדער אָן און רופט אוים אויף אַ ק ו ל:

— עפנט מיר אויף דעם טויער!

ענטפערט מען אים: „דאָס איז דער טויער בלויז פאַר פײַנע מענשן; בלויז צ ד י ק י ם קומען אין אים אַרײַן".

— אָבער איך בין דאָך אַ קעניג! דער גרויסער קעניג אַלעקסאַנדער מוקדון!

— אָבער דו האָסט אַ ס ך אומזיסט בלוט פאַרגאָסן און האָסט אָן אַ ש י ע ו ר פרעמד גוטס צערויבט! — האָט מען אים פון אויף יענער זײַט טויער געענטפערט.

האָט אַלעקסאַנדער געבעטן: שענקט מיר פון דאָרטן וואָס עס איז, כ ד י מענשן זאָלן מיר גלויבן, אַז איך בין געווען בײַ דעם טויער פון ג ן - ע ד ן.

האָט מען אים פון אויף יענער זײַט טויער דערלאַנגט אַ שטיקל ביין פון אַ שאַרבן.

ווען אַלעקסאַנדער האָט זיך אומגעקערט צו זײַן אַרמײ, האָט ער פאַררופן זײַנע ח כ מ י ם, דערציילט, וואו ער איז געווען, זײ געוויזן דאָס ביינדל און געפרעגט: „האָבן זײ ניט געהאַט דאָרט עפּעס בעסערס מיר צו שענקען?"

האָבן די ח כ מ י ם אים געזאָגט: „האַלט ניט קליין דאָס געשאַנק, ווײַל אין דעם ליגט גאָר אַ וויכטיקער מיין. באַפעל, מ'זאָל ברענגען אַ וואָגשאָל". האָבן די ח כ מ י ם אויף איין שאָל אַוועקגעלייגט דאָס ביינדל און אויפ'ן אַנדערן — אַ ס ך גאָלד און זילבער. אָבער די שאָל מיט'ן ביינדל האָט אַריבערגעוואויגן. האָבן זײ אויף דער צווייטער שאָל אַרויפגעלייגט די שווערד פונ'ם קעניג און זײַן גאָלדענע קרוין, אָבער דאָס ביינדל האָט אַלץ אַריבערגעוואויגן.
האָט אַלעקסאַנדער געפרעגט זײַנע ח כ מ י ם: „וואָס זאָל דאָס באַדײַטן"?

האָבן יענע געענטפערט: „דאָס איז דער ביין פונ'ם מענשן-אויג, וואָס קאָן זיך קיינמאָל ניט אָנזעטיקן".

— פון וואַנען ווייסט איר, אַז דאָס איז אַזוי? — האָט אַלעקסאַנדער געפרעגט.

— אָט פּרואוו, שיט אַרויף אויף דעם אַ הײַפל ערד.
האָט אַלעקסאַנדער אַזוי געטאָן, און די שאָל מיט'ן ביינדל האָט זיך גלײַך אויפגעהויבן אין דער הייך.
אַלעקסאַנדער האָט דעמאָלט גוט פאַרשטאַנען, אויף וואָס מ'האָט אים געוואָלט אָנווײַזן מיט'ן ביינדל, און ער האָט זיך מיט זײַן אַרמײ צוריקגעקערט אין זײַן הויפּטשטאָט, און האָט שוין מער קײַן מ ל ח מ ו ת ניט געפירט.

## 76. י ה ו ד ה גייט איבער צו מ צ ר י ם.

צוועלף יאָר האָט געדויערט דאָס קעניגן פון אַלעקסאַנדער דעם גרויסן. ווען ער האָט אײַנגענומען פּערסיע און אַנדערע לענדער אַרום, האָט ער געמאַכט די שטאָט ב ב ל פאַר זײַן הויפּטשטאָט.

איינמאָל איז אַלעקסאַנדער שטאַרק קראַנק געוואָרן און געהאַלטן בײַם שטאַרבן. קײַן קינדער, וואָס זאָלן נאָך אים איבערנעמען די

מ ל ו כ ה, האָט ער ניט געהאַט. און ווען זײַנע גענעראַלן האָבן אים אַ פרעג געטאָן: „ווּעמען, קעניג, לאָזסטו איבער די מ ל ו כ ה"? — האָט ער געענטפערט: „דעם ווירדיקסטן פון אײַך".

נאָך אַלעקסאַנדערס טויט האָבן זײַנע גענעראַלן אַ לענגערע צײַט זיך געאַמפּערט וועגן דעם, ווער פון זיי איז דער ווירדיקסטער. און לסוף האָבן זיי באַשלאָסן צו צעטײַלן די גאַנצע מ ל ו כ ה אַלעקסאַנדערס צווישן זײַנע פינף הויפּט קריגס-פירער.

ב ב ל און סיריע זײַנען איבערגעגאַנגען צו סעלײַ־קוסן און מ צ ר י ם — צו ת ל מ י'ן (טאַלמײַן). י ה ו ד ה, ווי אַ טייל פון סיריע, איז איבערגעגאַנגען צו סעלײַקוסן. אָבער ת ל מ י, וואָס האָט זיך געגעבן דעם נאָמען „סאָטער", אָדער דערלייזער, איז אַמאָל געקומען אין י ר ו ש ל י ם. געקומען איז ער ווי אַ פרײַנד פון די אידן, וואָס האָט נאָר געוואָלט ברענגען ק ר ב נ ו ת אין דעם ב י ת ־ ה מ ק ד ש. אָבער אַז עס איז גע־קומען דער טאָג ש ב ת, איז ער מיט זײַן מיליטער אַרײַן אין שטאָט און זי פאַרכאַפּט. און די אידן, וואָס האָבן ניט געוואָלט פאַרשטערן דעם ש ב ת, האָבן זיך ניט געשטעלט אַנטקעגן אים.

איז י ר ו ש ל י ם און גאַנץ י ה ו ד ה אַריבער צו ת ל מ י, דעם קעניג פון מ צ ר י ם. און ת ל מ י האָט געפאַנגען אַ ס ך פון די אידן און זיי אַוועקגעפירט מיט זיך אין מ צ ר י ם. אַ טייל פון זיי האָט ער איבערגעגעבן צו זײַנע אָפיצערן און סאָלדאַטן פאַר קנעכט. אָבער ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז די אידן זײַנען טרײַ צו זייער רעגירונג און צו זייער וואָרט, האָט ער אַ ס ך פון די געפאַנגענע אידן באַזעצט אין די פעסטונגען, כ ד י זיי צו היטן און באַשיצן. און ער האָט זיי באַפרײַט און געגעבן פולע בירגער־רעכט און געבעטן, זיי זאָלן זײַן געטרײַ זײַנע קינדער נאָך אים, אַזוי ווי זיי זײַנען געטרײַ אים אַליין.

בײַספּאַכווײַז האָבן אַ ס ך אידן זיך גענומען באַזעצן אין אַלעקסאַנדריע און אַנדערע ערטער אין מ צ ר י ם, ווײַל זיי האָבן געהערט, אַז אין מ צ ר י ם איז אַ גרויסע זעט און אַז דער קעניג באַציט זיך גוט צו די בירגער פון לאַנד און זעט, זיי זאָלן האָבן וואָס צו עסן און פון אַלדאָס גוטס. האָט זיך אין אַלעקסאַנדריע אַנגעקליבן אַ גרויסע אידישע באַפעלקערונג.

## 77. די אַלעקסאַנדריער שול.

און די אידישע באַפעלקערונג פון דער שטאָט אַלעקסאַנדריע אין מ צ ר י ם האָט זיך שטאַרק פאַרמערט. און זיי האָבן דאָרט אויפגעבויט פאַר זיך אַ גרויסע שול.

ווער עס האָט ניט געזען די גרויסע אַלעקסאַנדריער שול, האָט ניט געזען די אידישע פּראַכט. דאָס איז געווען אַ גרויסער זאַל מיט צוויי רייען זיילן און מיט ש ו ר ו ת בענק אַרום און אַרום.

איין און זיבעציק גאָלדענע שטולן זיינען דאָרט געשטאַנען פאַר די איין און זיבעציק מיטגלידער פון דאָרטיקן ס נ ה ד ר י ן (סאַנהעדרין), און אין מיטן שול איז געשטאַנען אַ ב י מ ה פאַר דעם ח ז ן. אַרום דער ב י מ ה זיינען געשטאַנען זיבן ש מ ש י ם (שאַמאָשים) מיט טיכער אין די הענט. און אַז מ׳האָט געדאַרפט ענטפערן אָ מ ן, האָבן זיי געפאָכעט מיט די טיכער, כ ד י די, וואָס זיצן פון דער ווייטן און הערן ניט, זאָלן זען און ענטפערן אָ מ ן.

און געזעסן איז מען דאָרט ניט צונויפגעמישט, נאָר פאַכנווייז: גאָלדשמידן, שלאָסער, קעסלער, וועבער — יעדערער באַזונדער לויט זיין פאַך. און אַז אַן א ו ר ח איז געקומען, האָט ער זיך גלייך געזעצט צווישן זיין פאַך און דורך זיי געפונען פ ר נ ס ה.

## 78. ד י איבערזעצונג פון די זיבעציק.

ווען אין אַלעקסאַנדריע איז געווען קעניג ת ל מ י דער צווייטער, פילאַדעלפוס, איז די לאַגע פון די אידן אין מ צ ר י ם געווען זייער גוט. דער ת ל מ י האָט, אויף דער ע צ ה פון זיין פריינד אַריסטעאוס, באַפוילן, מ׳זאָל באַפרייען פון קנעכשאַפט אַלע אידן, וואָס זיין פאָטער, ת ל מ י דער ערשטער, האָט געהאַט געפאַנגען, און זיי אָפּגעגעבן אַלס קנעכט צו זיינע סאָלדאַטן און אָפיצערן. ער האָט אויך געהייסן אויסקויפן אַלע אַנדערע אידישע קנעכט אין מ צ ר י ם און זיי באַפרייען.

ת ל מ י דער צווייטער האָט געהאַט אַ גרויסע ביבליאָטעק, אין וועלכער עס זיינען געווען איינגעזאַמלט הונדערטער טויזנטער ביכער פון אַלערליי פעלקער אויף אַלערליי שפּראַכן. נאָר די אידישע ת ו ר ה האָט ער ניט געהאַט. האָט זיין ביבליאָטעקאַר, דימיטריוס,

אים געזאָגט: „פון אַלעמען העּר איך לויב־געזאַנגען וועגן דער אידישער ת ו ר ה, וואָלט איך זייער געוואָלט איבערזעצן זי אין גריכיש און אַרייננעמען זי אין דיין ביבליאָטעק. אָבער די ת ו ר ה איז געשריבן אין העברעיאיש, אַ שפּראַך מיט וועלכער די גריכישע געלערנטע זיינען ניט באַקאַנט, און אין אַ שריפט, וואָס איז אויך אַנדערש פון דער גריכישער. איך וואָלט דעריבער געראָטן דעם קעניג, ער זאָל אָנשרייבן דעם כ ו ה ן ־ ג ד ו ל אין י ר ו ש ל י ם און בעטן אים צושיקן צו אונז אידישע געלערנטע, וואָס זאָלן איבערזעצן די ת ו ר ה".

איז דאָס דעם קעניג זייער געפעלן געוואָרן. האָט ער אָנגעשריבן אַ בריף צום כ ו ה ן ־ ג ד ו ל א ל י ע ז ר (עליעזער), אים געלאָזט וויסן, אַז ער וואָלט געוואָלט האָבן די ת ו ר ה פון די אידן איבערזעצט אין גריכיש, און האָט אים געבעטן צושיקן אים צוויי און זיבעציק אידישע געלערנטע, וואָס קאָנען גוט ביידע שפּראַכן און וואָס זאָלן מאַכן די איבערזעצונג. און דער קעניג האָט צוגעשיקט דעם כ ו ה ן ־ ג ד ו ל צוזאַמען מיט'ן בריף אויך רייכע מ ת נ ו ת פאַר'ן טעמפּל.

ווען א ל י ע ז ר האָט איבערגעלייענט דעם בריף, האָט ער זיך זייער געפרייט. האָט ער צונויפגערופן די עלטסטע פון די אידן און זיי דערציילט וועגן דעם בריף. און זיי האָבן דאָרטן אויסגעקליבן צוויי און זיבעציק אידישע געלערנטע און זיי מיטגעגעבן ס פ ר י ־ ת ו ר ו ת און זיי אָפּגעשיקט צום קעניג.

דער קעניג האָט געמאַכט פאַר די אידישע געלערנטע זייער אַ שיינעם ק ב ל ת ־ פ נ י ם (קאַבאָלאַס־פּאָנים) און אַ רייכע ס ע ו ד ה (סודע). נאָכדעם האָט מען די געלערנטע אָפּגעפירט אויף אַ דערבייאיקן אינזל, פ א ר א ס, וואו עס זיינען פאַר זיי צוגעגרייט געווען צוויי און זיבעציק צימערן אין אַ שיינעם פּאַלאַץ. דאָרטן האָבן די געלערנטע זיך גענומען פאַר דער איבערזעצונגס־אַרבעט. יעדער איינער פון זיי האָט געטאָן די אַרבעט פאַר זיך; און יעדן אָוונט פלעגן זיי זיך אַלע צונויפקומען און פאַרגלייכן זייערע איבערזעצונגען. און זיי זיינען געווען אַזוי פּינקטלאַך אין זייער אַרבעט, אַז ביים פאַרגלייכן פלעגט זיך אַרויסווייזן, אַז ביי אַלעמען זיינען די איבערזעצונגען געווען גלייך.

צוויי און זיבעציק טעג האָט געדויערט זייער אַרבעט. און ווען זיי

האָבן פאַרענדיקט איבערזעצן די גאַנצע ת ו ר ה, האָט דער ביבליאָטעקאַר דימיטריוס צונויפגערופן די אידן פון אַלעקסאַנדריע און געלאָזט פאַרלייענען פאַר זיי די גריכישע איבערזעצונג. האָבן די אידן געהערט, זיך געוואונדערט איבער דער פינקטלאַכקייט און שיינ־קייט פון דער איבערזעצונג און געלויבט און געדאַנקט דימיטריוסן, וואָס צוליב אים איז אָפּגעטאָן געוואָרן אַזאַ וויכטיקע און גוטע אַרבעט.

און די אידן פון אַלעקסאַנדריע האָבן זיך געפרייט און געבעטן, מ'זאָל זיי ערלויבן צו האָבן אַ קאָפּיע פון דער איבערזעצונג, כ ד י זיי זאָלן פון איר קאָנען פאַרלייענען אין די אידישע שולן. און זיי האָבן אויך געבעטן, מ'זאָל ניט לאָזן מאַכן קיין אַנדער איבערזעצונג און ניט לאָזן גאַרנישט ענדערן אין אָט דער איבערזעצונג, ווייל קיין בעסערע פון איר קאָן גאָר ניט זיין.

און ווען דער קעניג האָט זיך דערוואוסט, אַז די אַרבעט פון די אידישע געלערנטע איז פאַרענדיקט, און אַז די איבערזעצונג איז אַרויסגעקומען זייער גוט, האָט ער זיך געפרייט, און ער האָט געלאָזט פאַרלייענען פאַר זיך די איבערזעצונג. און ער האָט זיך געוואונדערט איבער דער ת ו ר ה פון מ ש ה'ן און איבער די וואונדערבאַרע געזעצן וואָס אין איר.

און ער האָט געהייסן, מ'זאָל די איבערזעצונג — וואָס מ'האָט אַ נאָמען געגעבן: „די איבערזעצונג פון די זיבעציק" אָדער אויף גריכיש: די „סעפּטואַגינטאַ" — אָפּהיטן און זי ניט ענדערן. און די איבערזעצער האָט ער מיטגעגעבן רייכע מ ת נ ו ת, און מיט כ ב ו ד אָפּגעשיקט אַהיים, אין דעם לאַנד פון די אידן.

## 79. י ו ס ף ב ן ט ו ב י ה און זיינע זין.

ווען אין מ צ ר י ם איז געווען קעניג ת ל מ י אייערגעטעס, איז אין י ר ו ש ל י ם געווען כ ו ה ן־ג ד ו ל איינער ח ו נ י ו.

ח ו נ י ו האָט ליב געהאַט געלט; האָט ער באַשלאָסן אויפהערן שיקן דעם קעניג פון מ צ ר י ם די יערלאַכע צינזן. האָט דער קע־ניג אים געלאָזט וויסן, אַז ער וועט שיקן אַן אַרמיי אין י ה ו ד ה, וואָס וועט צערויבן דאָס לאַנד, פאַרקויפן די איינוואוינער פאַר קנעכט און דעם באָדן צעטיילן צווישן די סאָלדאַטן, אויב דער כ ו ה ן ג ד ו ל וועט אים גלייך ניט צושיקן די צינזן.

ווען די אײַנוואוינער פון יהודה האָבן זיך דערוואוסט וועגן דעם, וואָס זײַ שטײַט פאָר, זײַנען זײַ פארציטערט געוואָרן. אָבער חוניו האָט ניט געוואָלט נאָכגעבן.

און אין ירושלים איז דעמאָלט געווען אַ יונגער מאַן, יוסף בן טוביה, חוניו'ס אַ פלימעניק. ווען ער האָט דער־הערט פון זײַן מוטער וועגן דער צרה, וואָס עס דערוואַרט די אידן, האָט ער אויפגעפאָדערט חוניו'ן, ער זאָל מער ניט אײַנ־צאָרענען דעם קעניג און אים צושיקן דעם יערלאָכן אָפּצאָל. אָבער חוניו האָט וועגן גאָרנישט ניט געוואָלט הערן. ער האָט בלויז ערלויבט יוסף'ן פאָרן אין מצרים און בעטן דעם קעניג, יענער זאָל לײַכטער מאַכן דעם אָפּצאָל, וואָס ער האָט אַרויפגעלײַגט אויף די אידן.

יוסף האָט זיך צוערשט געזען מיט דעם שליח פונ'ם קעניג, אַטעניאָנען, געגעבן אים פײַנע מתנות און געבעטן, ער זאָל דעם קעניג לאָזן וויסן, אַז אינגיכן וועט ער, יוסף, קומען אין מצרים און וועט אַלצדינג אויסגלײַכן וועגן די צינזן. דער שליח האָט אַזוי געטאָן און פאַרלויבט יוסף'ן פאַר'ן קעניג.

און יוסף האָט געליען געלט און געקויפט אַלץ, וואָס נײַ־טיק און געלאָזט זיך אין וועג אַרײַן.

אויפ'ן וועג האָט ער זיך באַגעגנט מיט פאָרשטײַער פון אַ סך פראָווינצן, וואָס זײַנען געפאָרן אין אַלעקסאַנדריע אָפּצודינגען די שטײַערן פון זײַערע פראָווינצן. יענע האָבן געלאַכט פון יוסף'ן, ווײַל ער איז געווען אָנגעטאָן אָרימער פון זײ; אָבער יוסף האָט זיך ניט געמאַכט פון דעם.

ווען יוסף איז געקומען קײַן מצרים, האָט דער שליח אַטעניאָן פאָרגעשטעלט אים פאַר'ן קעניג. דער לעצטער האָט זיך געקלאָגט אויף חוניו'ן; אָבער יוסף האָט אים געענטפערט: „דו ווײַסט דאָך, קעניג, אַז די אַלטע לײַט זײַנען אַמאָל גלײַך צו קלײַנע קינדער. מיר, די אינגערע, וועלן שוין אַלץ פאַר־ריכטן, און דו וועסט ניט האָבן אויף וואָס זיך צו באַקלאָגן".

דער קעניג האָט יוסף'ן זײַער פײַן אויפגענומען און אים אײַנגעלאַדן צו עסן בײַ זײַן טיש. און אין גיכן האָט מען דורכגעפירט דעם פאַרקויף פון די שטײַערן פון פאַרשײַדענע פראָווינצן. די רײַכע אויפקויפער האָבן זיך צונויפגערעדט און געבאָטן זײַער ווײַניק. דע־

מאַלט איז י ו ס ף אַרויס, האָט אויסגעזידלט די אויפקויפער, וואָס זיי ווילן ניט באַצאָלן געגוג, און האָט אַליין פאַרגעשלאָגן צו באַצאָלן צוויי מאָל אַזוי פיל. איז דאָס דעם קעניג געפעלן געוואָרן, און ער האָט געהייסן מאַכן י ו ס ף׳ן פאַר דעם אַלגעמיינעם שטייער-זאַמלער.

י ו ס ף האָט באַקומען צוויי טויזנט מ צ ר י׳שע סאָלדאַטן, וואָס זאָלן אים באַגלייטן און העלפן אין זיין אַרבעט, און איז אַוועק פון מ צ ר י ם. ווען ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין דער שטאָט אַ ש ק ל ו ן און געבעטן, די שטאָט-לייט זאָלן אים באַצאָלן די שטייערן, האָבן זיי זיך אויסגעלאַכט פון אים. האָט י ו ס ף געהייסן זיינע סאָלדאַטן, זיי זאָלן כאַפּן צוואַנציק פון די רייכסטע איינוואוינער פון שטאָט און זיי טייטן. און זייער גאַנץ פאַרמעגן האָט ער אַוועקגעשיקט צום קעניג אין מ צ ר י ם. די דערשראָקענע איינוואוינער האָבן זיך שוין מער ניט געשטעלט אַנטקעגן און באַצאָלט זייערע שטייערן. און ווען די אַנדערע שטעט האָבן דערהערט, וואָס י ו ס ף האָט געטאָן אין אַ ש ק ל ו ן, האָבן זיי מ ו ר א באַקומען פאַר אים און פּינקטלאַך באַצאָלט, וואָס עס האָט געקומט פון זיי.

און י ו ס ף פלעגט פּינקטלאַך אָפּשיקן דעם קעניג די שטייערן לויט דעם, ווי ער האָט אָפּגערעדט. דאָך פלעגט נאָך ביי אים אויך פאַרבלייבן אַ ס ך געלט, און ער איז רייך געוואָרן ביז גאָר. פלעגט י ו ס ף גאַנץ אָפט נאָך צושיקן דעם קעניג און דער קעניגין רייכע מ ת נ ו ת, און דאָס האָט נאָך מער געהויבן זיין אָנזען אין זייערע אויגן.

י ו ס ף האָט געהאַט אַכט זין: זיבן פון איין פרוי, און איינעם הורקנוס, פון דער צווייטער. און הורקנוס איז געווען זייער אַ שיינער און אַ פייאיקער: האָבן אים די ברידער פיינט געהאַט און געזוכט אַ געלעגנהייט פּ ט ו ר צו ווערן פון אים.

איינמאָל איז ביים קעניג פון מ צ ר י ם געבוירן געוואָרן אַ זון. פון אַלע לענדער האָט מען אים צו דער געלעגנהייט געשיקט טייערע מ ת נ ו ת. האָט י ו ס ף געפרעגט ביי זיינע זין, ווער פון זיי וואָלט געוואָלט פאָרן אין אַלעקסאַנדריע אָפּפירן אַהין אַ מ ת נ ה. קיינער פון זיינע זיבן זין האָט ניט געוואָלט פאָרן, ווייל זיי זיינען ניט געוואוינט געווען דערצו; האָבן זיי אים גע׳ע צ ה׳ט ער זאָל שיקן הורקנוסן..

האָט י ו ס ף געגעבן הורקנוסן אַ בריף צו זײַן פאַרטרעטער אין אַלעקסאַנדריע און באַפוילן יענעם, ער זאָל געבן הורקנוסן געלט צו קויפן אַ מ ת נ ה דעם קעניג. דער פאַרטרעטער, וואָס איז געווען זײַער געטרײַ י ו ס פ'ן, האָט געוואָלט געבן הורקנוסן פאַר דעם בלויז צען קיקאַר זילבער; אָבער הורקנוס האָט געבעטן טויזנט. דער פאַרטרעטער האָט ניט געוואָלט געבן; האָט אים הורקנוס געלאָזט שמידן אין קייטן און פאַרזעצן אין טורמע.

דעם פאַרוואַלטערס פרוי איז דעמאָלט אַוועק און האָט זיך געקלאָגט פאַר דעם קעניג אויף הורקנוסן. האָט דער קעניג געשיקט פרעגן הורקנוסן, פאַרוואָס ער איז אים ניט געקומען זען און פאַרוואָס ער האָט געלאָזן שמידן זײַן פאָטערס פאַרטרעטער אין קייטן. האָט הורקנוס געענטפערט דעם קעניג, אַז ער האָט ניט געוואָלט קומען צו דעם קעניג מיט ליידיקע הענט, און אַז דעם פאָטערס פאַרטרעטער האָט אים ניט געוואָלט געבן גענוג געלט צו קויפן אַ פאַסיקע מ ת נ ה; דערפאַר טאַקע האָט ער אים באַשטראָפט. איז דאָס דעם קעניג געפעלן געוואָרן.

דעמאָלט האָט דער פאַרטרעטער פון י ו ס פ'ן געגעבן הורקנוסן אַזוי פיל געלט, וויפיל יענער האָט געבעטן, און הורקנוס האָט געקויפט פאַר'ן קעניג און דער קעניגין מ ת נ ו ת, וואָס זײַנען געווען פיל טײַערער, ווי די, וואָס די פאַרטרעטער פון אַנדערע לענדער האָבן געבראַכט. דאָס איז דעם קעניג זייער געפעלן געוואָרן, און ער האָט געלויבט הורקנוסן, אָפּגעשיקט אים אַהיים מיט פאַראַד, אים מיטגעגעבן פאַר זײַן פאָטער מ ת נ ו ת, ווי אויך בריף, אין וועלכע ער האָט געלויבט הורקנוסן ביז גאָר.

ווען הורקנוסעס ברידער האָבן זיך דערוואוסט, אַז ער קומט אַהיים מיט פײַנע לויב-בריף פונ'ם קעניג, זײַנען זיי אויף אים נאָך בייזער געוואָרן. זײַנען זיי אַרוים געגן'אים צוזאַמען מיט זייערע דינער און פרײַנט און אָנגעפאַלן אויף אים. און י ו ס ף אַליין איז אויך געווען אין כ ע ס אויף זײַן אינגערן זון, פאַרוואָס יענער האָט פאַרשווענדעט אַזוי פיל געלט אין מ צ ר י ם, און האָט ניט אָפּגעהאַלטן זײַנע זין. אָבער הורקנוסן האָט זיך אײַנגעגעבן צו אַנטלויפן און ראַטעווען זיך. ער איז געקומען מיט זײַנע באַגלייטער אויף יענער זײַט י ר ד ן, האָט דאָרטן אויפגעבויט אַ פעסטונג און פאַרבראַכט דאָרטן אַ ס ך יאָרן.

## 80. י ה ו ד ה גייט אַריבער אונטער דער הערשאַפט פון די סעליייקידן.

דער קעניג פון מ צ ר י ם, ת ל מ י דער פערטער, האָט זיך באַצויגן צו די אידן זייער שלעכט. איינמאָל איז ער אַרויסגעטראָטן קעגן דעם קעניג פון סיריע, וואָס איז געווען אָנגעפאַלן אויף די, וואָס האָבן געוואוינט אויף יענער זייט י ר ד ן, און אויך געוואָלט איינגע־מען י ה ו ד ה. ער, ת ל מ י, האָט באַזיגט זיין פיינט, און אויפ׳ן וועג צוריק איז ער געקומען אין י ר ו ש ל י ם. די אידן האָבן אים זייער פריינטלאך אויפגענומען.

ווען ער איז געווען אין י ר ו ש ל י ם, האָט זיך אים פאַרוואָלט אַריינצוגיין אין די אינווייניקסטע צימערן פונ׳ם טעמפּל. די אידן האָבן אים אָנגעוויזן, אַז לויט זייער ד י ן איז דאָס פאַרבאָטן. און אַז עס קאָן מיט אים געשען אַן אומגליק, ווען ער וועט עס טאָן. אָבער ת ל מ י האָט זיך ניט צוגעהערט צו זייערע רייד און איז קעגן זייער ווילן אַריינגעדרונגען אין טעמפּל. דאָרטן אָבער איז אויף אים אָנ־געפאַלען אַ שרעק, און ער איז געפאַלן אין ח ל ש ו ת. מ׳האָט אים פון דאָרטן געדאַרפט אַרויסטראָגן אויף די הענט.

ת ל מ י איז געוואָרן אויף די אידן זייער בייז. ער האָט געהאַלטן, אַז דאָס האָבן די אידן אים אָפּגעטאָן אַ שפּיצל. ווען ער האָט זיך אומ־געקערט אין מ צ ר י ם, האָט ער דערפאַר באַשלאָסן נ ק מ ה צו נעמען פון די אידן, וואָס האָבן געוואוינט אין אַלעקסאַנדריע. ער האָט געהייסן צונויפטרייבן אַלע אידן פון אַט דער גרויסער שטאָט אויף איין פּלאַץ און אַרויפלאָזן אויף זיי העלפאַנטן, וואָס זאָלן זיי צע־טרעטן. די אידן, וועמען עס האָט ערוואַרטעט אַ זיכערער טויט, האָבן אויפגעהויבן אַזאַ געוויין און געשריי, אַז די העלפאַנטן האָבן זיך דערשראָקן. אָנשטאָט צו לאָזן זיך אויף די אידן, האָבן זיי זיך אומגעקערט און אָנגעפאַלן אויף די גריכן, וואָס זיינען זיך צונויפגע־קומען צוצוקוקן דאָס בילד, ווי מ׳וועט צעטרעטן די אידן. זייער אַ ס ך פון די גריכן זיינען יענעם טאָג דער׳ה ר ג׳עט און פאַרוואונ־דעט געוואָרן פון די העלפאַנדן.

די אידן אין מ צ ר י ם ג ו פ א און נאָך מער — די אידן אין י ה ו ד ה, האָבן דעמאָלט פיינט געקראָגן ת ל מ י׳ן. און עס איז אין י ר ו ש ל י ם אַנטשטאַנען אַ גאַנצע פּאַרטיי, וואָס האָט בעסער גע־

וואלט, י ה ו ד ה זאל אריבער אונטער דער הערשאפט פון די סי-רישע קעניגן, די סעלייקידן. אין דער שפיץ פון אט דער פארטיי זיי-נען געשטאנען די זין פון י ו ס ף ב ן ט ו ב י ה; זיי האבן אי-בערגענומען דעם אמט פון זייער פאטער אלס די שטייער-זאמלער, זיינען געווען זייער רייך און האבן געהאט אין י ר ו ש ל י ם א ס ך אנהענגער.

ווען ת ל מ י דער פערטער איז געשטארבן, האט ער איבער-געלאזט נאך זיך אלס זיין טראנפאלגער א קינד פון פינף יאר. אין סיריע איז דעמאלט געווען קעניג אנטיוכוס דער דריטער, וואס האט באקומען דעם נאמען „דער גרויסער". ער האט זיך באנוצט מיט דער געלעגנהייט, וואס אין מ צ ר י ם איז ניט געווען קיין שטארקער הערשער, און זיך אריינגעריסן אין י ה ו ד ה. י ו ס פ'ס זין און זייערע אנהענגער האבן אים געעפנט די טויערן פון י ר ו ש ל י ם; און די גאנצע צייט, וואס ער האט געפירט די מ ל ח מ ה מיט מ צ ר י ם, האבן זיי אים געשטיצט, צושטעלנדיק אים שפייז פאר זיין ארמיי און זיינע העלפאנדן.

אנטיוכוס דער דריטער האט אין דער מ ל ח מ ה געזיגט, און י ה ו ד ה איז אין רעזולטאט פון דעם זיג ארונטער אונטער דער הערשאפט פון די סירישע קעניגן, די סעלייקידן.

אנטיוכוס איז דאנקבאר געווען די אידן פאר זייער הילף. ער האט דערפאר זיי דערלויבט אפצובויען די וואנט ארום י ר ו ש ל י ם. א טייל פון דער אידישער באפעלקערונג: די כ ו ה נ י ם, די ל ו י י ם און אנדערע, האט ער אינגאנצן באפרייט פון צאלן שטייערן; און פאר די איבעריקע האט ער די צאלונגען געמאכט לייכטער. ער האט אויך געגעבן די אידן א גרויסע צאל מאס זאלץ און מעל און גרויסע מ ת נ ו ת פאר'ן טעמפל.

אנטיוכוס האט אויך געגעבן מער פרייהייט און זעלבסטפארוואל-טונג די אידן, וואס האבן געוואוינט אין ב ב ל. ער האט א פ י ל ו אויסגעקליבן פון זיי טויזנט מ ש פ ח ו ת, און ווייל ער האט גע-גלויבט אין זייער געטריישאפט צו אים, האט ער זיי באזעצט אין עטלאכע וויכטיקע פעסטונגען, כ ד י אט די פעסטונגען צו היטן און באשיצן.

די לאגע פון די אידן איז אין זיין צייט געווען זייער גוט.

אָבער אַנטיוכוס האָט פאַרטראַכט אײַנצונעמען נאָך און נאָך לענדער, און ער האָט געפירט ווײַטערדיקע מ ל ח מ ו ת. אין זײַנע מ ל ח מ ו ת האָט ער זיך ל ס ו ף אָנגעשטויסן אויף די רוימער און געדאַרפט פירן מ ל ח מ ה אויך מיט זיי.

דאָ אָבער האָט זיך זײַן גליק אָפּגעקערט פון אים. די רוימער האָבן אים צעשלאָגן. און כ ד י צו שליסן ש ל ו ם מיט זיי, האָט ער זיי אַרויסגעגעבן אַלע זײַנע שיפן און העלפאַנדן און נאָך געמוזט פאַרשפּרעכן צו באַצאָלן זיי זייער א ס ך גאָלד און זילבער און שיקן זיי אַלס מ ש כ ו ן זײַן אינגערן זון, אַנטיוכוס.

כ ד י צו קריגן דאָס נייטיקע געלט צו באַצאָלן די רוימער, האָט אַנטיוכוס אָנגעהויבן אויסצולייזדיקן דאָס גאָלד, דאָס זילבער און טײַ־ערע כ ל י ם, וואָס זײַנען געווען אין די פאַרשידענע היידנישע טעמפּ־לען. ער האָט דערמיט אויפגערייצט די באַפעלקערונג, און ווען ער איז געווען אין איינעם פון אָט די טעמפּלען, איז די אָרומיקע באַפעל־קערונג אָנגעפאַלן אויף אים און אים דער׳ה ר ג׳עט.

אויף זײַן אָרט איז געוואָרן קעניג זײַן זון, סעלייקוס דער פער־טער. יענער האָט געדאַרפט באַצאָלן די רוימער דאָס, וואָס זײַן פאָ־טער איז געבליבן שולדיק, און האָט דעריבער אויך כ ס ד ר גענייש־טערט און געזוכט געלט.

## 81. די העלעניסטן און די ח ס י ד י ם.

י ו ס ף ב ן ט ו ב י ה׳ס זין פלעגט אויסקומען פון צײַט צו צײַט צו באַזוכן אַלעקסאַנדריע. דאָרטן האָבן זיי זיך אויסגעלערנט די גרי־כישע שפּראַך און זיך באַקאַנט מיט די גריכישע מ נ ה ג י ם.

מיט מ צ ר י ם זײַנען י ו ס פ׳ס זין און זייער פּאַרטיי אין י ר ו ש ל י ם ניט געווען צופרידן. אָבער אַרום י ה ו ד ה האָבן געוואוינט א ס ך קלענערע און גרעסערע פעלקער, וואָס זײַנען געווען נאָך פיל מער פײַנטלאַך צו די אידן. דאָס זײַנען געווען: די פּ ל ש ת י ם, די ש ו מ ר ו נ י ם, א ד ו ם און אַנדערע. בײַ יעדער געלעגנהײַט פלעגן זיי אָנפאַלן אויף די אידן אָדער פאַר׳מ ס ר ׳ן זיי פאַר די מ צ ר י׳שע קעניגן.

די פּאַרטיי פון י ו ס פ׳ס זין האָט דעריבער געדענקט, אַז כ ד י די אידן זאָלן לעבן זיכערער און רואיקער, דאַרפן זיי זוכן די הילף

און די פריינטשאפט פון די סירישע מ ל כ י ם און דארפן ב כ ל ל זיך מער באפריינדן מיט די סירישע גריכן.

ווען י ה ו ד ה איז ארונטער אונטער די סירישע קעניגן, האט אט די פארטיי אנגעהויבן אלץ מער דערנעענטערן זיך צו די גריכן. זיי האבן אנגעהויבן אלץ מער צו רעדן גריכיש; זיי האבן אנגעהויבן אנטאן זיך אין דער גריכישער טראכט; זיי האבן אנגעהויבן בייטן זייערע נעמען אויף גריכישע. זיי האבן געלערנט זייערע קינדער די גריכישע שפראך און איינגעפירט, יענע זאלן זיך אפגעבן מיט אטלעטישע איבונגען, אזוי ווי די גריכישע קינדער פלעגן דאס טאן.

ביי די גריכן איז געווען א מ נ ה ג, אז די יוגנט פלעגט זיך פארזאמלען אין די גימנאזיומס צו מאכן זייערע אטלעטישע איבונגען—אינגאנצן נאקעטע (בלויז מיט מאסקעס אויף די פ נ י מ׳ער). צווישן די גריכן ג ו פ א זיינען שוין דעמאלט געווען א ס ך אזעלכע, וועמען אט דער מ נ ה ג איז ניט געווען צום הארצן; זיי האבן אים געהאלטן פאר ניט שיין און שוין געטראכט וועגן אפשאפן אים. אבער די אידן, וואס האבן נאכגעמאכט די גריכן, האבן איבערגענומען ד ו ק א די מ י א ו ס׳סטע פון זייערע מ נ ה ג י ם. דערמיט אבער האבן זיי ארויסגערופן דעם צארן פון די פרומע אידן, וועמען אט די מ נ ה ג י ם זיינען געווען דערווידער, און פון די, וואס זיינען ב כ ל ל געווען געגן אויפגעבן די אידישע מ נ ה ג י ם און דאס אידישע ארט לעבן.

די וואס האבן נאכגעמאכט די גריכן, האבן זיך אנגערופן „העלעניסטן”. צו זיי זיינען צוגעשטאנען מערסטנס די רייכע אידן און די העכערע באאמטע פון לאנד. מיט דער צייט זיינען צו זיי צוגעשטאנען א פ י ל ו א ס ך פון די כ ו ה נ י ם.

דאס פ ש ו ט ׳ע פאלק און די אידישע געלערנטע, וואס זיינען געווען קעגן די העלעניסטן און דעם „העלעניזם” (ד. ה. דעם שטרעבן נאכצומאכן אין אלץ די גריכן), האבן באקומען דעם נאמען „ח ס י ד י ם” אדער פרומע.

צווישן אט די צוויי גרופעס—די העלעניסטן און די ח ס י ד י ם—פלעגן פארקומען רייבונגען און א פ י ל ו א קאמף. איין גרופע האט אנגעהויבן באציען זיך צו דער צווייטער מיט ש נ א ה. די העלעניסטן האבן ביסלאכווייז ארפגעווארפן פון זיך דעם יאך פון די אלע אידישע געזעצן און מיט א ברייטער האנט אנגעהויבן פארשפרייטן

צווישן פאָלק די גריכישע מנהגים. דאָס גאַנצע פאָלק האָט זיך צעטיילט אויף צוויי לאַגערן. און ביסלאַכווייז האָט זיך אָנגעהויבן אין יהודה אַ בירגער־קריג אָדער אַ ברודער־קאַמף.

און ווען די העלעניסטן האָבן געפילט, אַז זיי זײַנען אַליין צו שוואַך צו באַקומען די איבערהאַנט צווישן די אידן, האָבן זיי באַשלאָסן צו ווענדן זיך צו דער גריכישער מאַכט, זי זאָל זיי אין דעם העלפן.

## 82. העליאָדאָר אין טעמפּל.

דער כוהן־גדול חוניו (כאָניאָ), וואָס איז געווען אין דער צײַט פון סעלייקוס דעם פערטן, איז געווען זייער אַן ערלאַכער און פרומער מאַן. אָבער ער האָט פײַנט געהאַט און פאַרפאָלגט די העלעניסטן, וואָס האָבן געוואָלט אײַנפירן אין יהודה די גריכישע שפּראַך און די גריכישע מנהגים.

דער אויפפּאַסער איבער'ן טעמפּל איז דעמאָלט געווען איינער שמעון, אַ העלעניסט. ער האָט פײַנט געהאַט דעם כוהן־גדול, ווײַל יענער האָט אים ניט געלאָזן פאַרשפּרייטן אין ירושלים דעם העלעניזם.

איז ער אַוועק צו אַפּאָלאָניאוסן, דעם פאַרוואַלטער פון סיריע, און אים דערציילט, אַז דער טעמפּל איז פול מיט גאָלד און מיט זילבער, און אַז דער קעניג וואָלט עס געדאַרפט צונעמען. האָט אַפּאָלאָניוס וועגן דעם געלאָזט וויסן דעם קעניג.

האָט דער קעניג סעלייקוס געהייסן זײַן אויפפּאַסער אויף פאַרשידענע אַרבעטן (העליאָדאָר האָט ער געהייסן), ער זאָל גיין אין ירושלים און צונעמען די אוצרות פון'ם טעמפּל.

איז העליאָדאָר געקומען אין ירושלים און געזאָגט דעם כוהן־גדול, צוליב וואָס ער איז געקומען. האָט אים דער כוהן געזאָגט: „אין טעמפּל איז פאַראַן ווײַט ניט אַזוי פיל גאָלד און זילבער, ווי דער פאַררעטער שמעון האָט איבערגעגעבן. און פון דעם ביסל, וואָס דאָרט איז פאַראַן, געהערט דער גרעסטער טייל צו אַלמנות און יתומים, און דאָס איבעריקע באַלאַנגט צו איינעם, זייער אַ פײַנעם און ערלאַכן מאַן, טוביה בן הורקנוס. דאָס געלט האָט מען אײַנגעלייגט אין טעמפּל, ווײַל דאָס איז דער זי־

כערסטער פלאץ. און קיינער וועט ניט וואגן צו קומען און באַרויבן די, וואָס האָבן אָנגעטרויט זייער געלט דעם טעמפּל".

אָבער העליאָדאָר האָט דערקלערט, אַז ער קאָן ניט  עובר זיין אויף דעם באַפעל פונ'ם קעניג, און ער וועט דעריבער מוזן צונעמען דאָס געלט פון טעמפּל.

ווען מ'האָט זיך אין שטאָט דערוואוסט, וואָס העליאָדאָר קלייבט זיך צו טאָן, איז דאָרט געוואָרן אַ טומל. אַלע  כהנים,  און באַזונדערס דער  כהן־גדול,  זיינען אַרומגעגאַנגען פאַרטרויערטע און דערשלאָגענע. דאָס פאָלק האָט זיך פאַרזאַמלט אַרום דעם טעמפּל און האָט געוויינט אויף דער שאַנדע, וואָס מ'קלייבט זיך אָנטאָן דעם הייליקן הויז. די פרויען האָבן זיך אָנגעטאָן אין זעק, זיינען אַוועקגעגאַנגען איבער די גאַסן און געבראָכן מיט די הענט.

און העליאָדאָר האָט פון קיין זאַך ניט געוואָלט וויסן. ער איז צוזאַמען מיט זיינע מענטשן צוגעקומען צום טעמפּל, און ער איז אַריין אין דעם צימער, וואו עס זיינען געלעגן די  אוצרות.  פּלוצים האָט ער דערזען, ווי עס קומט אָן אַנטקעגן אים אַ באַוואָפנטער רייטער אויף אַ גרויס, שטאַרק פערד און גייט גלייך אויף אים. און אויף ביידע זייטן פונ'ם רייטער זיינען געגאַנגען יונגע שיינע  בחורים,  אָנגעטאָן אין טייערע קליידער. זיי זיינען אָנגעפאַלן אויף העליאָדאָרן און גענומען געבן אים געהויבענע קלעפּ.

העליאָדאָר האָט זיך דערשראָקן און האָט  גע'חלש'ט.  מ'האָט אים אַרויסגעפירט פון טעמפּל אין דרויסן, אָבער ער איז געווען צעטומלט און ניט געקאָנט אַרויסריידן קיין וואָרט. העליאָדאָרס באַגלייטער האָבן זיך ניט ווייניקער דערשראָקן פון זייער האַר; און זיי האָבן פאַרלאָזן מיט ליידיקע הענט  ירושלים  און זיך אומגעקערט צום קעניג.

און ווען דער קעניג האָט געפרעגט העליאָדאָרן: „וועמען וואָלסטו געראָטן, איך זאָל איצט שיקן צונעמען די  אוצרות  פונ'ם טעמפּל ?", האָט אים העליאָדאָר געענטפערט: „אויב דער קעניג האָט אַ פיינט אָדער איינעם, וואָס וויל ביי דיר אָפּנעמען דיין טראָן, שיק אים אין דער דאָזיקער  שליחות,  וועסטו פון אים קאָנען  פּטור  ווערן".

# 83. י ש ו ע (יעשוא) און מענעלאוס.

ווען דער קעניג סעלייקוס איז געשטאָרבן, איז אויף זיין פּלאַץ געוואָרן קעניג זיין ברודער אַנטיוכוס דער שיינער.




אַנטיוכוס דעם שיינעמס בילד אויף זיינער אַ מ ט ב ע

איז ח ו נ י ו'ס ברודער, י ש ו ע, אַוועק צום נייעם קעניג און אים געזאָגט: „אויב דו וועסט מיר איבערגעבן דעם אַמט פון כ ו ה ן־ ג ד ו ל, וועל איך דיר געבן דריי הונדערט מיט זעכציק קיקער זילבער".

האָט אַנטיוכוס אָפּגענומען די כ ה ו נ ה ג ד ו ל ה ביי ח ו נ י ו'ן און זי איבערגעגעבן זיין ברודער י ש ו ע, וואָס האָט איבערגע־ביטן זיין אידישן נאָמען אויפ'ן גריכישן — יאזאָן. און י ש ו ע האָט אָנגעהויבן אָפּשאַפן די גערעכטע אידישע געזעצן און איינפירן גריכישע מ נ ה ג י ם, וואָס זיינען געווען דערווידער די פרומע אידן, און אַלערליי נייע מ י א ו ס'ע פירונגען.

ער האָט ביי י ר ו ש ל י ם אויפגעבויט אַ שפּיל־פּלאַץ, וואו די ב ח ו ר י ם האָבן געשפּילט און געמאַכט אַטלעטישע איבונגען קעטערהייט, מיט מאַסקעס אויף די פ נ י מ'ער. און די פרעמדע גריכישע מ נ ה ג י ם האָבן זיך מיט דער הילף פון י ש ו ע'ן שנעל פאַרשפּרייט איבער'ן גאַנצן לאַנד. און א פ י ל ו די יונגע כ ה נ י ם האָבן פאַרלאָזן זייער אַרבעט אין טעמפּל און זיינען אַוועק אויפ'ן שפּיל־פּלאַץ צו שפּילן אין באַל, זיך פעכטן און ראַנגלען.

אין דריי יאָר אַרום האָט י ש ו ע אָפּגעשיקט אַנטיוכוסן די צינזן זיינע דורך ש מ ע ו נ'ס ברודער, מענעלאוס. דער לעצטער איז זייער געפעלן געוואָרן דעם קעניג, ווייל ער האָט אים גע'ח נ פ'עט מיט זיינע שיינע רייד. דעמאָלט האָט מענעלאוס פאַרשפּראָכן צו צאָלן

דעם קעניג מיט דריי הונדערט קיקער זילבער מער, אויב ער וועט אים איבערגעבן דעם אמט פון כ ו ה ן - ג ד ו ל.

האט דער קעניג צוגעשטימט און געגעבן אים דעם געהעריקן בריף וועגן דעם. איז מענעלאוס געקומען אין י ר ו ש ל י ם, האט ארויסגעטריבן י ש ו ע ׳ן און פארנומען די כ ה ו נ ה ג ד ו ל ה, ה ג ם ער האט גאר ניט געשטאמט פון דער מ ש פ ח ה פון די כ ו ה נ י ם. און כ ד י צו האבן דאס געלט, וואס ער האט פארשפראכן צו באצאלן דעם קעניג, האט ער געראבעוועט לינקס און רעכטס. דאך האט ער ניט געהאט גענוג. האט דער קעניג באשטימט אלס כ ו ה ן - ג ד ו ל אויף מענעלאוסעס פלאץ זיין ברודער ליזימאכוס.

ליזימאכוס האט אויך אנגעהויבן אויף א רויבערישן א ו פ ן צונויפצוזאמלען די נייטיקע צינזן. ער האט צוגענומען פון טעמפל וואו עס איז נאר געווען עפעס טייערס און ווערטפולעס. איז דאס פאלק געווארן בייז אויף אים.

האט ליזימאכוס צוזאמענגעשטעלט אן ארמיי פון דריי טויזנט, באשטימט איבער זיי אן עלטערן בלוטדורשטיקן פירער און אים געשיקט אויס׳ה ר ג ׳ענען די אומצופרידענע אידן. האבן די אידן זיך געשטעלט אנטקעגן און געווארפן אויף די סאלדאטן שטיינער און אייזנס, אדער פארשאטן זייערע אויגן מיט שטויב און אש, ביז זיי האבן די סאלדאטן ג ו ב ר געווען און פארטריבן.

דעמאלט האבן זיי געכאפט ליזימאכוסן און אים דער׳ה ר ג ׳עט. און נאכדעם האבן זיי געשטעלט צום געריכט אויך מענעלאוסן, וואס איז געווען דער הויפט שולדיקער אין די אלע אומרוען און בלוט-פארגיסונגען.

אבער מענעלאוסן האט זיך איינגעגעבן אוועקצושיקן צום קעניג א ש ל י ח און אים לאזן וויסן וועגן דעם, אז די אידן מ ש פ ט׳ן אים און וועלן א ו ד א י פאר׳מ ש פ ט׳ן צום טויט. האט דער קעניג געהייסן באפרייען מענעלאוסן און ווידער באשטימט אים פאר דעם כ ו ה ן - ג ד ו ל. און די אלע, וואס האבן זיך געשטעלט אנטקעגן אים, האט ער געהייסן טייטן.

איז מענעלאוס ווידער געווארן דער הערשער איבער י ה ו ד ה, אונטערדריקט דאס פאלק און אים אויסגעמאטערט מיט שווערע אפצאלונגען.

## 84. אַנטיוכוס עפּיפאַנעס צווינגט די אידן אָפּצוזאָגן זיך פון זייער ת ו ר ה.

באַלד נאָכדעם איז אַנטיוכוס דער שײַנער אַוועק אויף מ ל ח מ ה אין מ צ ר י ם. האָט זיך בײַ די אידן פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דער קעניג איז דער׳ה ר ג ׳עט געוואָרען. ווען י ש ו ע, דער אַראָפּגע־זעצטער כ ה ן ־ ג ד ו ל, וואָס האָט זיך געפונען אין ע מ ו ן, האָט דאָס דערהערט, האָט ער צונויפגעקליבן אַ דרײַ טויזנט מאַן, איז מיט זיי אָנגעפאַלן אויף י ר ו ש ל י ם און זי אײַנגענומען. ער האָט אָן ר ח מ נ ו ת אויסגע׳ה ר ג׳עט די אײַנוואוינער פון שטאָט, נאָר מענעלאַוס האָט ער ניט דער׳ה ר ג׳עט, ווײַל יענער האָט זיך באַ־האַלטן און פאַרשלאָסן אין דער אינערלאַכער פעסטונג פון שטאָט.

ווען אַנטיוכוס האָט וועגן דעם דערהערט, איז ער מיט אַ גרויסער אַרמײַ געקומען קײַן י ר ו ש ל י ם. ער האָט אײַנגענומען די שטאָט און געגעבן אַ באַפעל זײַנע סאָלדאַטן, זיי זאָלן ה ר ג ׳ענען אַלע אידן אָן אויסנאַם — קליין און גרויס, און אָן יעדער ר ח מ נ ו ת. האָבן זיי דער׳ה ר ג ׳עט אַכציק טויזנט אידן, און נאָכאַמאָל אַזוי פיל האָבן זיי פאַרקויפט פאַר קנעכט.

נאָכדעם איז דער קעניג אַוועק אין הײליקן טעמפּל און האָט צו־גענומען פון דאָרטן, וואָס ער האָט נאָר געפונען: די הײליקע כ ל י ם, די באַפּוצונגען, דאָס גאַנצע זילבער און גאָלד. און מענעלאַוס האָט אים נאָך געהאָלפן אין דעם: ער האָט אים געפירט ווײַזן, וואו וואָס עס ליגט.

און אין אַ קורצער צײַט אַרום האָט דער קעניג געשיקט אין י ר ו ש ל י ם זײַן גענעראַל אַפּאָלאָניוס. יענער איז צוגעקומען צו י ר ו ש ל י ם, האָט אויסגעוואַרט, ביז עס איז געקומען דער טאָג ש ב ת, ווען די אידן האָבן ניט געטאָן קײַן אַרבעט און ניט געפירט קײַן מ ל ח מ ה , און דאַן האָט ער זיך אַרויפגעוואָרפן אויף די אידן מיט דער גרעסטער א כ ז ר י ו ת. ער האָט אויסגע׳ה ר ג׳עט אַלע אידן, וואָס האָבן ניט באַוויזן צו אַנטלויפן, און די יונגע לײַט און די פרויען האָט ער געפאַנגען און פאַרקויפט פאַר קנעכט.

דער קעניג אַנטיוכוס האָט צעשיקט אַ בריף איבער אַלע לענדער פון זיין קעניגרייך, און אין דעם בריף האָט ער געשריבן אַזוי: „פאַר אַלע איינוואוינער פון אונזער קעניגרייך דאַרף זיין איין געזעץ און איין גלויבן"..

און אויך אין ירושלים האָט ער אַזאַ בריף געשיקט און גע־הייסן, די אידן זאָלן אויפגעבן זייער גלויבן: זיי זאָלן ניט אָפּהיטן שבתים און יום־טובים; זאָלן עסן חזיר־פלייש און אַנ־דערע פאַרבאָטענע בהמות און אָפּזאָגן זיך פון משה'ס תורה. און יעדערן, וואָס וועט זיין באַפעל ניט אויספאָלגן, האָט דער קעניג געדראָט מיט טויט־שטראָף.

באַלד נאָכדעם האָט דער קעניג אַנטיוכוס געשיקט קיין יהודה זיינעם אַ פאַרטרעטער פון אַנטיאָכיע און אים געהייסן, ער זאָל איינ־פירן אין יהודה די געצנדינעריי פון די גריכן און זאָל צווינגען די אידן אָפּצוזאָגן זיך פונ'ם אידישן גלויבן און פון די אידישע מנהגים.

האָט דער פאַרטרעטער מיט זיינע באַגלייטער אַזוי געטאָן.

דעם בית־המקדש האָבן זיי אַ נאָמען געגעבן „דער טעמפּל פון זעאוס דעם אָלימפּישן" און אַריינגעשטעלט אַהין די סטאַטוע פון זעאוסן. זיי האָבן פאַרבאָטן די אידן אָפּצוהיטן שבת און די אי־דישע ימים־טובים. זיי האָבן אויך געצוואונגען די אידן צו פייערן דעם יום־טוב פון באַקכוס, און אָנטאָן אויף די קעפּ בלומענקראַנצען לכבוד דעם אָפּגאָט. און ענדלאַך האָבן זיי גע־לאָזט וויסן די אידן, אַז זיי דאַרפן זיך אינגאַנצן אָפּזאָגן פון זייער תורה און דאַרפן ברענגען קרבנות צו די גריכישע געטער; און אויב זיי וועלן דאָס ניט טאָן, וועט מען זיי טייטן.

האָבן זיך דעמאָלט געפונען ביי די אידן פאַררעטער, וואָס האָבן גלייך אויסגעפאָלגט דעם קעניגס באַפעל און אפילו געהאָלפן ווירקן אויף אַנדערע אידן, זיי זאָלן אַזוי טאָן.

אָבער אַ סך אידן, פרומע, אָדער ווי זיי האָבן געהייסן — חסידים — האָבן ניט געוואָלט אָפּזאָגן זיך פון דעם גלויבן, דער שפּראַך און די מנהגים פון זייערע עלטערן. האָבן זיי זיך צעלאָפן

און באַהאַלטן אין הײלן און אין די שפּאַלטן פון די בערג; און דאָרט האָבן זײ אָפּגעהיט דעם אידישן גלויבן און די אידישע מ נ ה ג י ם.

בײַ די אידן איז דעמאָלט געווען אײנער אַן אַלטער מאַן א ל ע ז ר (עלאָזאָר), אַ קלוגער און געלערנטער. האָט מען אים מיט גוואַלד אַרײַנגעשטופּט אין מויל ח ז י ר־פלײש. האָט ער עס אויסגעשפּיגן. אָבער די מענשן, וואָס האָבן עס געטאָן, האָבן געקענט א ל ע ז ר׳ן, זײַן ערלאַכקײַט און פֿײַנקײַט. האָבן זײ אים אַוועקגענומען אָן אַ זײַט און געזאָגט: מיר האָבן דיך ליב און וואָלטן געוואָלט ראַטעווען דיך פון טויט. מיר וועלן דיר ברענגען אַ שטיקל כ ש ר פלײש און דו עס דאָס, און די מענשן אַרום וועלן מיר זאָגן, אַז דו האָסט געגעסן פון דעם ח ז י ר־פלײש, ווי דער קעניג האָט געהײסן.

האָט א ל ע ז ר געזאָגט: „איך בין שוין אַלט נײַנציק יאָר, און עס פּאַסט ניט פאַר מיר אָפּצונאַרן ווען עס איז. וואָס וועלן זאָגן די אינגערע פון מיר: אָט האָט דער אַלטער אויך געדינט די אָפּגעטער! — איך וועל עס ניט טאָן, ווען א פ י ל ו איר וועט מיך דער־ה ר ג׳ענען. בעסער וועל איך שטאַרבן און וועל זײַן אַ בײַשפּיל פאַר מײַנע אינגערע ברידער".

זײַנען די גריכישע באַאַמטע בײז געוואָרן אויף אים, האָבן אים געשלאָגן און געפּײַניקט און פאַרפּײַניקט אויף טויט.

## 85. די מוטער מיט די זיבן קינדער.

און אַ אידישע פרוי איז דאָרט געווען, וואָס האָט געהאַט זיבן קינדער, זיבן זין. האָט מען זײ אַלע פאַרזעצט אין טורמע, און דער קעניג האָט פון זײ געפאָדערט, זײ זאָלן דינען צו דעם גריכישן אָפּגאָט און עסן ח ז י ר־פלײש. אָבער זײ האָבן זיך אַנטזאָגט. האָט זײ דער קעניג אײנעם נאָכ׳ן אַנדערן געהײסן דער׳ה ר ג׳ענען. האָט מען זײ אָנגעטאָן די גרעסטע ע נ ו י ם. און די מוטער זײערע האָט זײ אין איר שפראַך געשטאַרקט און צוגעגעבן מוט אַריבערצוטראָגן די לײַדן און ניט דינען צו אָפּגעטער און ניט אָפּקערן זיך פון די אידישע געזעצן.

ווען עס איז געקומען צו דעם אינגסטן פון די קינדער, האָט דער קעניג גערעדט צו אים מיט גוטן: „ווען דו וועסט זיך אָפּזאָגן פונ׳ם גלויבן פון דײַנע עלטערן, וועל איך זיך באַציען צו דיר מיט גוטסקײַט און גנאָד און וועל דיך מאַכן רײַך און שטאַרק, און אַלץ, וואָס דו וועסט

בעטן, וועל איך דיר געבן. זע, אָט וואַרף איך אַראָפּ מײַן פינגערל, און דו בײַג זיך בלויז אײַן און הײב אים אויף; וועלן די, וואָס שטײען אַרום, מײנען, אַז דו פאָלגסט אים מײַן באַפעל און בוקסט זיך צו מײַן גאָט".

אָבער דאָס קינד האָט ניט צוגעשטימט. האָט דער קעניג זיך גע־ווענדט צו דער מוטער און געזאָגט: „נעם דו און רעד אים צו. פאַר־וואָס זאָלסטו פאַרלירן דײַן לעצט קינד?"

האָט די מוטער אין איר שפּראַך זיך געווענדט צום קלענסטן זון אירן און געזאָגט: „מײַן טײַערער! האָב ניט קײן מ ו ר א פאַר אָט דעם ר ו צ ח. שטאַרב אַזוי, ווי עס זײַנען געשטאָרבן דײַנע ברי־דער".

האָט דאָס אינגעלע געזאָגט: „איך וועל דעם קעניג ניט פאָלגן און וועל ניט אָפּטרעטן פון דעם גלויבן פון מײַנע עלטערן. און זאָל דער קעניג, וואָס האָט בלוטיקע הענט, ניט באַרימען זיך מיט זײַן שטאַר־קײַט. אויף אים, דעם גרויסן אידישן פײַנט, וועט אויך קומען אַ צײַט, און ער וועט ניט אויסדרײען זיך פון אַ העכערן געריכט".

איז דער קעניג נאָך מער אין כ ע ס געוואָרן און געהײסן דער־ה ר ג'ענען אויך דעם לעצטן פון די קינדער, דעם קלענסטן. און נאָכ־דעם האָט מען אויך דער'ה ר ג'עט זײער מוטער.

## 86. דער אויפשטאַנד פון מ ת ת י ה ו (מאַטיסיאָהו). ח ש מ ו נ א י (כאַשמונאָאי).

און אַנטיוכוס האָט צעשיקט זײַנע אויפזעער איבער'ן גאַנצן לאַנד י ה ו ד ה. זײ האָבן אויפגעשטעלט סטאַטועס פון די גריכישע גע־טער און געבויט מ ז ב ח ו ת צו זײ אין אַלע שטעט און שטעט־לאַך. און זײ האָבן געהײסן די אידן, זײ זאָלן ברענגען ק ר ב נ ו ת צו די גריכישע אָפּגעטער.

אײנמאָל זײַנען די אויפזעער געקומען אינ'ם שטעטל מ ו ד ע י ת (מוידאָאים), זײ האָבן דאָרט אויפגעבויט אַ מ ז ב ח, אַוועקגעשטעלט דערבײַ אַן אָפּגאָט־בילד, צונויפגעטריבן צום מ ז ב ח די אײַנ־וואוינער פון שטאָט און געהײסן ברענגען אַ ק ר ב ן.

און אין מ ו ד ע י ת האָט געלעבט אַן אַלטער מאַן, מ ת ת י ה ו, פון דער מ ש פ ח ה ה ש מ ו נ א י ם, פון די כ ו ה נ י ם. ער האָט געהאַט פינף זין, אַלע ג י ב ו ר י ם און העל־

דישע יונגען. האָבן די אויפזעער זיך געווענדעט צו מ ת ת י ה ו'ן און געזאָגט: „דו ביסט אַן אָנגעזעענער מאַן צווישן די אידן, מיט אַ גרויסער, שיינער מ ש פּ ח ה. קום דו דער ערשטער, ווייז אַ ביישפּיל און דערפילל דעם באַפעל פונ'ם קעניג. וועט דער קעניג אייך דערפאַר באַלוינען און אייך געבן גאָלד און זילבער און טייערע מ ת נ ו ת.

האָט מ ת ת י ה ו געענטפערט: „ווען א פ י ל ו אַלע אַנדערע זאָלן זיך אָפּזאָגן פון זייער גלויבן און פון זייערע מ נ ה ג י ם צוליב דעם באַפעל פונ'ם קעניג, וועל איך און מיין הויזגעזינד דאָס ניט טאָן. מיר וועלן פון אונזער געזעץ און אונזער גלויבן ניט אָפּטרעטן אויף אַ האָר.

ווען מ ת ת י ה ו האָט געענדיקט, איז צוגעקומען צום מ ז ב ח איינער אַ איד און געוואָלט ברענגען אַ ק ר ב ן. איז מ ת ת י ה ו געוואָרן אין כ ע ס; איז ער צוגעלאָפן צו דעם אידן, אַרויסגעריסן פון האַנט דאָס מעסער און אים דערשטאָכן. און דעם באַאַמטן פונ'ם קעניג האָט ער אויך דער'ה ר ג'עט, און דעם מ ז ב ח האָט ער צעשטויסן.

דערנאָך האָט ער מיט זיינע פינף זין זיך אַוועקגעלאָזן איבער'ן שטאָט און אומעטום אויסגערופן: „ווער עס וויל זיך האַלטן אָנ'ם אידישן גלויבן, זאָל גיין נאָך מיר!"

און מ ת ת י ה ו און זיינע זין האָבן איבערגעלאָזן אין שטאָט אַלץ, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט, און זיינען אַנטלאָפן אין די בערג. און די אַלע, וואָס האָבן ניט געוואָלט פעלשן אין דער אידישער ת ו ר ה, זיינען געקומען צו זיי אין די בערג. ווייל דער כ ע ס פונ'ם קעניג, ווען ער האָט דערהערט, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין י ה ו ד ה, איז געווען גרויס.

און אַן אָפּטיילונג פון דעם קעניגס סאָלדאַטן איז צוגעקומען צו אַ הייל, וואו עס האָבן זיך געווען באַהאַלטן אידן, וואָס האָבן ניט געוואָלט אָפּזאָגן זיך פון דעם אידישן גלויבן. זיי זיינען צוגעקומען אַהין אין דעם טאָג פון ש ב ת, און זיי האָבן געזאָגט צו די אידן, וואָס האָבן זיך דאָרטן באַהאַלטן: „קומט אַרויס און פאָלגט דעם באַפעל פונ'ם קעניג, און עס וועט אייך קיין שלעכטס ניט געשען". האָבן די אידן אָפּגעענטפערט: „מיר וועלן ניט אַרויס. מיר וועלן ניט פאָלגן, וואָס דער קעניג הייסט. מיר וועלן אויך ניט פאַרשטערן דעם הייליקן ש ב ת".

זײַנען דעם קעניגס סאָלדאַטן צוגעקומען צו דער הײל און גע־נומען שיסן אויף די אידן. און די לעצטע האָבן זיך ניט געשטעלט אַנט־קעגן, ניט געוואָרפן צוריק קײן שטײנער און ניט פאַרשטעלט דעם אַרײַנגאַנג אין הײל אפילו, ווײַל זײ האָבן ניט געוואָלט פאַרשטערן שבת. האָבן די סאָלדאַטן זײ אַלע אויסגעה׳רג׳עט — די מענער, די ווײַבער און די קינדער.

ווען מתתיהו און זײַנע פרײַנד האָבן דאָס דערהערט, האָבן זײ געזאָגט: אויב מיר וועלן זיך ניט שטעלן אַנטקעגן אונזערע פײַנט, וועט מען אונז אַלע אויסה׳רגענען. און זײ האָבן דאַמאָלט באַשלאָסן צו שטעלן זיך אַנטקעגן דעם פײַנט אויך אין דעם טאָג פון שבת.

און מתתיהו און זײַנע זין און זײַנע אָנהענגער האָבן זיך אַוועקגעלאָזן איבער׳ן לאַנד און אומעטום האָבן זײ אויסגעה׳רג׳עט די פאַררעטערישע אידן, וואָס האָבן צוגעשטימט צו פעלשן אָן די אי־דישע געזעצן און אָננעמען דעם גריכישן גלויבן און מנהגים.

און עס זײַנען צו מתתיהו׳ן צוגעשטאַנען אַלץ מער און מער פרומע אידן פון אַלע ווינקעלאַך פון לאַנד.

## 87. יהודה המכבי (האַמאַכבי) פירט דעם קאַמף קעגן די גריכן.

ווען מתתיהו האָט דערפילט, אַז ער איז אַלט, און זײַנע טעג זײַנען געצײלטע, האָט ער גערופן זײַנע פינף זין און זײ געזאָגט: „מײַנע זין! עס איז אַ טרויעריקע און ביטערע צײַט פאַר אונז אידן. שטאַרקט זיך דעריבער, זײַט דרײסט און שטעלט אײַן אײַערע לעבנס פאַר אונזער גלויבן און אונזער פאָלק. האָט ניט קײן מורא פאַר׳ן פײַנט; נעמט זיך אָן מיט מוט און קעמפט מיט דעם שונא, ווי העלדן״.

„פאָלגט אײַער ברודער שמעון: ער איז קלוג און פאַר־שטענדלאַך; זאָל ער זײַן אײַער פאָטער. און יהודה איז אַ העל־דישער יונג פון קינדווײַז אויף; זאָל ער ווערן אײַער קריגס־עלטס־טער. און איר פאַרזאַמלט אַלע די אידן, וועמען אונזער גלויבן און אונזער פאָלק איז טײַער, און פירט דעם קאַמף מיט דעם פײַנט, ביז איר וועט אים בײַקומען״.



מ ת ת י ה ו  זעגנט זיך מיט זיינע זין.

און מ ת ת י ה ו איז געשטאָרבן. האָבן זײַנע קינדער אים מ ק ב ר געווען אין דעם שטעטל מ ו ד ע י ת. און אַלע פרומע אידן האָבן אים באַוויינט און באַקלאָגט.

נאָכדעם האָט י ה ו ד ה, וועמען מ'האָט נאָך גערופן מ כ ב י, צונויפגענומען די אַלע, וואָס זײַנען צו אים געקומען, אָרגאַניזירט זיי אין אָפּטיילונגען און איז מיט זיי אומגעגאַנגען איבער'ן לאַנד אויסצוראָטן די פאַררעטער.

דעמאָלט האָט דער פאַרוואַלטער פון סיריע, אַפּאָלאָניוס, צונויפגענומען אַ גרויסע אַרמיי און איז געקומען אינ'ם לאַנד פון די אידן. איז י ה ו ד ה ה מ כ ב י אַרויסגעטראָטן קעגן אים. די אידן האָבן געוואוסט, אַז זיי שלאָגן זיך פאַר זייער פרייהייט און פאַר זייער גלויבן און זיי האָבן געקעמפט ווי לייבן. און זיי האָבן צעשלאָגן אַפּאָלאָניוסעס אַרמיי; און אים אַליין האָט י ה ו ד ה דער'ה ר ג'עט און אַראָפּגענומען פון אים זײַן שווערד. און די גאַנצע מ ח נ ה זײַנע האָבן די אידן צערויבט, און זיי האָבן שוין איצט געהאַט גוטע גע־

ווער, מיט וואָס צו קעמפן. און דער שרעק פאַר יהודה׳ן און פאַר זײַנע ברידער האָט זיך פאַרשפּרייט צווישן אַלע פעלקער אַרום; און מ׳האָט געהאַלטן אין איין דערציילן וועגן יהודה׳ס העלדישקייט, ביז דאָס איז דערגאַנגען צו די אויערן פון׳ם קעניג.

איז דער קעניג אַנטיוכוס געוואָרן פול מיט צאָרן און ער האָט באַשלאָסן אויסצוראָטן אַלע אידן. אַזוי ווי ער האָט געדאַרפט האָבן אַ סך געלט אויסצושטאַטן אַ גרויסע אַרמיי, און זיין אוצר איז געווען ליידיק, האָט ער באַשלאָסן צו גיין אין פּערסיע און דאָרטן קריגן ביי דער באַפעלקערונג גענוג גאָלד און זילבער. און אין לאַנד האָט ער איבערגעלאָזן דעם קריגספירער ליזיאַס, וועמען ער האָט אָנגעטרויט אויך זיין יונגן זון, און האָט אים אָנגעזאָגט, ער זאָל אויס־ ריכטן קעגן יהודה אַ גרויסע אַרמיי און זאָל פאַרטיליקן די אידן און אָפּמעקן זייער געדעכעניש פון דער ערד.

האָט ליזיאַס צונויפגעשטעלט אַ גרויסע אַרמיי פון פוסגייער און רייטער, האָט אין דער שפּיץ אַוועקגעשטעלט די גרעסטע קריגספּי־ רער זיינע, ניקאַנאָר און גאָרגיאַס, און זיי אַוועקגעשיקט אין יהודה. אויפ׳ן וועג זיינען צו זיי צוגעשטאַנען סוחרים מיט אַ סך געלט, וועלכע האָבן געוואָלט אָפּקויפן פאַר קנעכט די געפאַנגענע אידן.

און יהודה המכבי און די אידן, וואָס מיט אים, האָבן זיך דערוואוסט וועגן דעם באַפעל פון׳ם קעניג — אָפּצואוווישן די אידן פון דער ערד. האָבן זיי זיך צונויפגעקליבן אינ׳ם שטעטל מצפה לעבן ירושלים. יהודה האָט זיי דאָרט איינגעטיילט אין צענד־ ליקער, הונדערטער און טויזענטער און באַשטימט עלטסטע איבער זיי. און ער האָט געלאָזט אויסרופן: „ווער עס שרעקט זיך און האָט מורא, זאָל זיך אומקערן אהיים!” און צו די פאַרבליבענע האָט ער געזאָגט: „גרייט זיך צו צו מאָרגן צו קעמפן קעגן אייערע פיינט, וואָס זיינען געקומען אויסראָטן אונזער פאָלק און צעשטערן דעם הייליקן טעמפּל. בעסער צו שטאַרבן אין קאַמף, איידער צוזען דאָס אומגליק, וואָס עס וועט טרעפן אונזער פאָלק”.

און גאָרגיאַס האָט אָפּגעקליבן זעקס טויזנט פון זיינע מענשן און איז ביינאַכט מיט זיי אַוועק קעגן די אידן אין די בערג; און די איבע־ ריקע האָט ער געלאָזן אין פעלד. ער האָט געדענקט אָנפאַלן אויף יהודה׳ן ביינאַכט, פּלוצלונג, און אים צעשלאָגן; אָבער יהודה

האָט ניט געוואָרט. ער האָט גענומען זײַנע מענשן און איז מיט זײ אויף שנעל אַוועק קעגן דער גאַנצער פאַרבליבענער מ ח נ ה אין פעלד. ער איז אָנגעפאַלן אויף זײ; און ה ג ם זײ זײַנען געווען פיל גרעסער אין צאָל, האָבן די אידן זײ צעשלאָגן, און יענע זײַנען זיך צעלאָפן. די אידן האָבן זײ נאָכגעיאָגט און געשלאָגן.

און י ה ו ד ה האָט געלאָזט אויסרופן צווישן זײַנע מענשן: לאָזט זיך איצט ניט אַוועק צו קלײַבן דעם רויב אין דער מ ח נ ה פון׳ם ש ו נ א. פאַרגעסט ניט, אַז גאָרגיאַס מיט זײַן מ ח נ ה וועט אײַנגיכן אָנקומען. ווען איר וועט אים צעשלאָגן, דעמאָלסט וועט איר קענען גײן קלײַבן רויב.

און באַלד איז טאַקע אונטערגעקומען גאָרגיאַס. האָט ער דער־זען, אַז י ה ו ד ה מיט זײַנע מענשן שטײען אין זײַן פאַרלאָזטער מ ח נ ה גרייט צו שלאָגן זיך, און אַז זײַן איבערגעלאָזענע אַרמײ איז פאַרשוואונדן. האָבן זיך גאָרגיאַסעס סאָלדאַטן דערשראָקן און זײַ־נען זיך צעלאָפן: און י ה ו ד ה און די אידן האָבן זײ נאָכגעיאָגט. נאָכדעם האָבן זיך די אידן אומגעקערט און צוגענומען אַלץ, וואָס עס איז געווען אין דעם לאַגער פון׳ם פײַנט. זײ האָבן אויך צוגענומען דאָס געלט, וואָס די ס ו ח ר י ם האָבן געבראַכט אײַנצוקויפן די אידישע קנעכט, און די קלײדער, אין וועלכע מ׳האָט געזאָלט שמידן די אידישע געפאַנגענע.

ווען ליזיאַס האָט זיך דערוואוסט וועגן דער מ פ ל ה פון זײַנע קריגספירער, איז ער אַ פאַרטרײַסלטער געוואָרן. ער האָט געזען, אַז עס האָט זיך אים ניט אײַנגעגעבן דורכצופירן דעם אויפטראָג פון׳ם קעניג. האָט ער אין אַ יאָר אַרום צונויפגעקליבן נאָך אַ גרע־סערע אַרמײ — פון זעכציק טויזנט — און האָט זי אַלײן אַוועקגע־פירט קעגן די אידן.

אין דרום פון לאַנד איז אים אַנטקעגן געקומען י ה ו ד ה ה מ כ ב י, און עס האָט זיך פאַרבונדן צווישן זײ אַ שלאַכט. נאָך אַ ביטערן קאַמף איז ליזיאַס מיט זײַן אַרמײ צעשלאָגן געוואָרן. זײַנע סאָלדאַטן האָבן זיך צעלאָפן, און ער האָט זיך אומגעקערט אין אַנטיאָכיע — גרייטן זיך צו אַ ווײַטערדיקן קריג.

דעמאָלט האָט י ה ו ד ה און זײַנע ברידער געזאָגט צום פאָלק: „מיר האָבן צעשלאָגן אונזערע פײַנט, איצט לאָמיר גײן און אויסרײ־ניקן דעם טעמפּל". זײַנען זײ אַלע אַוועק אין י ר ו ש ל י ם און

ארויף צום בארג פון דעם בית־המקדש; האבן זיי דערזען, אז דער טעמפל איז וויסט, די טויערן זיינען פארברענט, די צימערן צעשטערט, און דער הויף פארוואקסן מיט גראז. האבן זיי צעריסן אויף זיך די קליידער און געטרויערט און געקלאגט.

און יהודה האט געהייסן די כהנים, וואס האבן זיך ניט פארומרייניקט מיט דינען צו אפגעטער, זיי זאלן אויסרייניקן דעם טעמפל און זאלן אויפשטעלן אין אים א נייעם מזבח. און מ'האט פארריכט די שפאלטן פון דעם טעמפל און אויסגערייניקט דעם הויף און געמאכט נייע כלים. און אין דעם פינף און צוואנציקסטן טאג אין חודש כסליו (קיסלעוו) האט מען באנייט דעם טעמפל, געמאכט א חנוכת־הבית, און מ'האט געפייערט גאנצע אכט טעג דעם פריילאכן יום־טוב מיט געזאנג און מוזיק און מיט צינדן ליכטער.

און יהודה מיט זיינע ברידער און אלע אידן, וואס ארום זיי, האבן באשלאסן מ'זאל אויך אויף וויטער יעדעס יאר פייערן דעם פינף און צוואנציקסטן אין כסליו דעם יום־טוב חנוכה אכט טעג צייט.

## 88. אלעזר'ס טויט און דער שלום מיט די גריכן.

און אנטיוכוס, וואס איז געגאנגען אין בבל און אין פערסיע קריגן געלט, האט אויפ'ן וועג דערהערט, אז דער הויפט־קריגספירער זיינער, ליזיאס, וואס ער האט געלאזן אלס זיין שטעלפארטרעטער אין אנטיאכיע, איז צעשלאגן געווארן פון די אידן, און אז די סטאטועס פון די גריכישע געטער, וואס ער האט אריינגעשטעלט אין בית־המקדש, האט מען צעבראכן און ארויסגעווארפן, און דעם בית־המקדש האט מען ארומגערינגלט מיט הויכע ווענט. האט דאס אים שטארק פארדראסן, און פון פארדראס איז ער קראנק געווארן און געשטארבן.

דעמאלט האט ליזיאס געמאכט פאר קעניג דעם יונגן זון פון אנטיוכוס עפיפאנעס. און דער נייער קעניג האט צוזאמענגעקליבן א גרויסע ארמיי פון פוסגייער, רייטער און העלפאנדן און איז אנגעפאלן אויף די אידן. און יהודה איז מיט זיין ארמיי, וואס איז געווען

ניט אין אַן ע ר ד קלענער פון דער גריכישער, אַרויסגעטראַטן אַנטקעגן אים.

און י ה ו ד ה׳ס ברודער, א ל ע ז ר (עלאָזאָר), האָט דערזען, אַז אײנער פון די העלפאַנדן איז געװען מער באַפּוצט, װי די אַנדערע. האָט ער געמײנט, אַז אויף דעם העלפאַנד זיצט דער קעניג אַלײן. האָט ער זיך מיט זײַן שװערד דורכגעשלאָגן אַ װעג אין דער מ ח נ ה פון די גריכן, ביז ער איז צוגעקומען צום העלפאַנד. דאָרט איז ער אַדורך צװישן די קני פון׳ם העלפאַנד און האָט אים דערשטאָכן מיט זײַן שװערד. דער העלפאַנד איז מיט זײַן גאַנצער שװערקײט געפאַלן אויף דער ערד; ער האָט אָבער דערבײַ אויך דערשטיקט א ל ע ז ר׳ן.

און י ה ו ד ה׳ס אַרמײ האָט דערזען, אַז זי איז צו קלײן, זי זאָל זיך קאָנען שטעלן אַנטקעגן, איז זי אָפּגעטראָטן אַן אַ זײַט; און דער קעניג איז אַװעק אויף י ר ו ש ל י ם און באַלאַגערט דעם באַרג פון׳ם טעמפּל, אַרום װעלכן עס זײַנען געװען שטאַרקע מויערן.

דערװײַל האָט ליזיאַס דערהערט, אַז אַנטיוכוס עפּיפאַנעס האָט באַשטימט זײַן קריגספירער פיליפּוס פאַר דעם פירער פון דער מ ל ו כ ה און פאַר דעם ערציער פון זײַן זון; און אַז פיליפּוס האָט זיך צוריקגעקערט אין אַנטיאָכיע אין דער שפּיץ פון דער גאַנצער אַרמײ, װאָס אַנטיוכוס האָט געהאַט מיט זיך. האָט ליזיאַס זיך דערשראָקן פאַר זײַן מאַכט. האָט ער געזאָגט צום קעניג:

„עס לוינט ניט, קעניג, צו בלײַבן דאָ אין לאַנד. עס איז דאָ ניטאָ װאָס צו עסן; און צוליב דעם ד ו ח ק אין עסן, פאַרלירן מיר אַלץ מער און מער פון אונזערע מענשן. און די אידישע אײַנװאױנער פון לאַנד זײַנען שטאַרק און פאַרביטערט. לאָמיר דעריבער לאָזן די אידן לעבן לויט זײערע גלויבן, װײַל דאָס איז דאָך די הויפּט זאַך, פאַר װאָס זײ קעמפן, און שליסן ש ל ו ם מיט זײ".

איז דאָס דעם קעניג געפעלן געװאָרן. האָט ער ש ל ו ם געמאַכט מיט די אידן, װאָס האָבן זיך געװען פאַרפעסטיקט אין י ר ו ש ל י ם, און איז אַװעק צו זיך אין אַנטיאָכיע. ער האָט אָבער מיטגענומען מענעלאַוס, װעמען ער האָט געהאַלטן פאַר דעם גאַנצן שולדיקן אין די אַלע מ ל ח מ ו ת, (װײַל ער האָט דאָס צוגערעדט אַנטיוכוס עפּיפאַנעס צו צװינגען די אידן אָפּצוזאָגן זיך פון זײער גלויבן), און אים געלאָזט טײטן.



אַ ל עַ ז ר דערשטעכט דעם העלפאַנד.

# דמיטריוס, א ל י ק י ם (עליאָקים) און ניקאַנאָר.

דערוויַיל איז אַ שוועסטערקינד פון׳ם קעניג, דמיטריוס, וואָס איז געווען דער זון פון סעליוִיקוס דעם פערטן און איז געווען אַ ס ך יאָרן אַלס אַ פאַרזיכערונג אין רוים, אַנטלאָפן פון דאָרטן און איז געקומען אין סיריע. ער האָט זיך דערקלערט פאַר׳ן קעניג פון לאַנד. און ווען ער איז געקומען אין אַנטיאָכיע, האָבן זייַנע מענשן געכאַפּט דעם קעניג און ליזיאַסן און זיי דער׳ה ר ג׳עט.

דעמאָלט זייַנען צו דמיטריוסן געקומען די אידישע העלעניסטן, אין דער שפּיץ פון וועלכע עס איז געשטאַנען איינער א ל י ק י ם פון דער מ ש פּ ח ה פון די כ ו ה נ י ם, און זיך באַקלאָגט אויף י ה ו ד ה ה מ כ ב י.

„דו זעסט, — האָבן זיי געזאָגט, — י ה ו ד ה און זייַנע ברידער האָבן פאַרניכטעט אַלע די, וואָס זייַנען דייַנע פרייַנד, און אונז האָבן זיי פאַרטריבן פון לאַנד".

און זיי האָבן געבעטן, דער קעניג זאָל שיקן אינ׳ם לאַנד פון די אידן אַן אַרמיי, וואָס זאָל באַשטראָפן י ה ו ד ה׳ן און די פרומע אידן.

האָט דער קעניג דמיטריוס אַוועקגעשיקט אין י ה ו ד ה זייַן גרויזאַמסטן קריגספירער באַקכידעס מיט אַ גרויסער אַרמיי. און א ל י ק י מ׳ען האָט ער באַשטימט פאַר דעם כ ו ה ן - ג ד ו ל אין י ר ו ש ל י ם.

באַקכידעס איז געקומען אין י ר ו ש ל י ם מיט רייד פון פרידן אויף זייַנע ליפּן. האָבן די געלערנטע געטראַכט: א ל י ק י ם, וואָס איז געקומען מיט אים, איז דאָך אַליין פון די כ ו ה נ י ם, און ער וועט ניט פעלשן אין זייַנע ברידער. זייַנען זיי געקומען צו א ל י ק י מ׳ען; האָט ער זיי געשוואָרן, אַז ער וועט זיי קיין שלעכטס ניט טאָן.

אָבער באַלד נאָך דעם האָט א ל י ק י ם געכאַפּט זעכציק פון די פרומע אידן און זיי דער׳ה ר ג׳עט. און באַקכידעס האָט צעשיקט זייַנע מענשן איבער׳ן לאַנד, זיי זאָלן כאַפּן אַלע פרומע אידן און זיי אויס׳ה ר ג׳ענען.

נאָכדעם האָט באַקכידעס באַשטימט א ל י ק י מ׳ען פאַר דעם פאַרוואַלטער פון לאַנד, געלאָזן אַ קלייִנע אַרמיי אים אַרויסצוהעלפן און האָט אַליין זיך צוריקגעקערט אין אַנטיאָכיע.

און א ל י ק י ם האָט זיך אַרומגערינגלט מיט העלעניסטן און אַנדערע אידישע פאַררעטער און גענומען דריקן און פאַרפאָלגן די פרומע אידן. האָט י ה ו ד ה דערזען, אַז א ל י ק י ם טוט די אידן נאָך מער שלעכטס, ווי די גריכן אַליין; האָט ער צונויפגענומען זיינע מענשן, איז דורכגעגאַנגען דאָס גאַנצע לאַנד און האָט אומעטום באַשטראָפט די העלעניסטן, די פאַררעטער. און ווען א ל י ק י ם האָט דערזען, אַז י ה ו ד ה און די אידן זיינען שטאַרקער פון אים, איז ער ווידער אַוועק צו דמיטריוסן באַקלאָגן זיך פאַר אים.

האָט דער קעניג געשיקט קעגן די אידן דעם הויפּט-פירער פון אַלע זיינע אַרמייען — ניקאַנאָרן, און אים באַפוילן אויסצוראָטן און פאַרניכטן דאָס גאַנצע אידישע פאָלק. איז ניקאַנאָר מיט אַ גרויסער אַרמיי אַוועק אין י ר ו ש ל י ם. זיינען אים אַרויס אַנטקעגן די כ ו ה נ י ם און די עלטסטע פון שטאָט און אַריינגעפירט אים אין שטאָט מיט גרויס פּאַראַד. זיי האָבן אים באַוויזן דעם טעמפּל און אָנגעוויזן, אַז זיי ברענגען דאָרט ק ר ב נ ו ת פאַר דעם פרידן פונ'ם קעניג.

אָבער ניקאַנאָר האָט זיך אויסגעלאַכט פון די כ ו ה נ י ם און די ז ק נ י ם; ער האָט זיי באַליידיקט און געזאָגט, אַז אויב זיי וועלן ניט איבערגעבן אין זיינע הענט י ה ו ד ה'ן מיט זיינע מענשן, וועט ער פאַרברענען דעם ב י ת - ה מ ק ד ש.

און ניקאַנאָר איז מיט זיין גאַנצער אַרמיי אַרויסגעטראָטן קעגן י ה ו ד ה'ן. און דעם דרייצנטן טאָג אין ח ו ד ש א ד ר איז פאָרגעקומען אַ שלאַכט צווישן די גריכן און די אידן. און די גריכן זיינען באַזיגט געוואָרן. איינער פון די ערשטע איז געפאַלן אין שלאַכט ניקאַנאָר אַליין. און ווען ער איז געפאַלן, האָבן זיינע מענשן פאַרלאָרן דעם מוט און זיינען זיך צעלאָפן. און י ה ו ד ה מיט זיינע מענשן און די אידן, וואָס האָבן זיך געוועזן באַהאַלטן אין די הייל, האָבן זיך נאָכגעיאָגט נאָך זיי און זיי צעשלאָגן.

און די אידן האָבן דעם טאָג פון זיג איבער ניקאַנאָרן געמאַכט פאַר אַ י ו ם - ט ו ב: און י ה ו ד ה האָט געהייסן, מ'זאָל אויך אויף ווייטער יעדעם יאָר פייערן דעם דרייצנטן טאָג אין אָ ד ר אַלס דעם טאָג פון באַפרייאונג און זיג איבער די אידישע ש ו נ א י ם.

# 90. יהודה'ס טויט, באַקכידעס און יונתן.

ווען דמיטריוס האָט זיך דערוואוּסט וועגן דער מפּלה פון ניקאַנאָרן, האָט ער ווידער אַוועקגעשיקט אין יהודה באַקכידעסן. דער לעצטער איז שנעל געקומען אין לאַנד מיט זײַער אַ גרויסער אַרמײַ. און יהודה האָט ניט געהאַט קײַן צײַט צונויפצוקלײַבן גענוג מענשן אַרום זיך. ער האָט געהאַט מיט זיך בלויז דרײַטויזנט מאַן. האָבן זײַנע מענשן זיך דערשראָקן פאַר דער מורא'דיקער גריכישער אַרמײַ און זײַנען זיך צעלאָפן. מיט יהודה'ן זײַנען געבליבן בלויז אַכט הונדערט מענשן.

אַלע זײַ האָבן געראָטן יהודה'ן, ער זאָל אָפּטרעטן, אָבער יהודה האָט געזאָגט, אַז ער וועט גיכער פאַלן אין שלאַכט, אײדער אַנטלויפן פון שלאַכטפעלד.

איז יהודה מיט דעם הײַפעלע מענשן, וואָס מיט אים, אַרויסגעטראָטן קעגן דער אומגעהײַער גרויסער אַרמײַ פון באַקכידעסן. זײַ זײַנען אָנגעפאַלן אויף אײנעם פון זײַנע פליגלען און אים צעשלאָגן. אָבער דעמאָלט איז דער צווייטער פליגל פון באַקכידעסעס אַרמײַ אָנגעפאַלן אויף יהודה'ן, און די מלחמה קעגן אים איז געווען פון בײדע זײַטן. יהודה מיט זײַנע מענשן האָבן זיך געשלאָגן ווי די לײבן, אָבער לסוף האָט מען גאָר אַ סך פון זײַ אויסגעהרג'עט, און אויך יהודה איז געפאַלן אין שלאַכט. די איבעריקע זײַנען אַנטלאָפן געוואָרן.

יהודה'ס ברידער האָבן אויפגעזוכט זײַן טויטן קערפּער און אים מקבר געווען אין זײַער שטאָט, אין מודעית. און אַלע אידן האָבן ביטער געקלאָגט אויף דעם פאַרלוסט פון זײַער גרויסן העלד, דעם קעמפער פאַר זײַער באַפרײַאונג.

נאָך יהודה'ס טויט, האָט באַקכידעס באַשטימט פאַר אויפפּאַסער איבער'ן לאַנד די העלעניסטן און אַנדערע פאַררעטער. יענע האָבן אויסגעזוכט וואו נאָר אַן אָנהענגער פון יהודה המכבי און געבראַכט זײַ צו באַקכידעסן. און יענער האָט זײַ באַלײדיקט, אָנגעטאָן זײַ יסורים און געטויט.

דעמאָלט האָבן אַלע אידן, וואָס זײַנען געווען אָנהענגער פון יהודה המכבי, געזאָגט צו זײַן ברודער יונתן: „נאָך דײַן ברודערס טויט ביסטו דער פּאַסיקסטער מאַן צו זײַן אונזער פירער

און פאַרטצווזעצן דעם קאַמף קעגן די גריכן". האָט י ו נ ת ן צוגע־שטימט.

ווען באַקכידעס האָט זיך וועגן דעם דערוואוסט, האָט ער גע־הייסן כאַפּן י ו נ ת נ'ען און אים טייטן. אָבער י ו נ ת ן און זיין ברודער ש מ ע ו ן האָבן זיך דערוואוסט וועגן דעם און זיינען מיט זייערע מענשן אַוועק צום טייך י ר ד ן.

האָט באַקכידעס זיי נאָכגעיאָגט און איז אָנגעפאַלן אויף זיי אין דעם טאָג פון ש ב ת. אָבער די אידן האָבן ניט געקוקט אויף דעם, וואָס עס איז ש ב ת, און זיך געשטעלט אַנטקעגן; זיי האָבן אויס־געשלאָגן אַ ס ך פון באַקכידעסעס ח י ל. נאָכדעם האָבן י ו נ ת ן און זיינע מענשן זיך אַריינגעוואָרפן אין י ר ד ן און אַריבערגעשוואו־מען אויף דער אַנדער זייט; און באַקכידעס האָט זיי ניט נאָכגעיאָגט.

דעמאָלט איז באַקכידעס אַוועק אין י ר ו ש ל י ם און האָט גענו־מען באַפעסטיקן די שטאָט. ער האָט אויך באַפעסטיקט אַ ס ך אַנ־דערע שטעט און אַריינגעזעצט אַהין גריכישע סאָלדאַטן, און אַריינ־געקליבן אַהין אַ ס ך עסנוואַרג, כ ד י צו זיין גרייט אין פאַל פון אַן אויפשטאַנד פון די אידן.

באַלד אָבער איז א ל י ק י ם קראַנק געוואָרן און איז געשטאָרבן. האָט באַקכידעס פאַרלאָזן דאָס לאַנד און זיך אומגעקערט אין אַנטי־אָכיע. אויף דער ע צ ה פון די העלעניסטן איז ער אין אַ פּאָר יאָר אַרום צוריקגעקומען, ווייל זיי האָבן אים געזאָגט: „י ו נ ת ן און די מענשן, וואָס מיט אים, זיינען רואיק און שטיל. קום, פאַל אָן אויף זיי פּלוצלונג און פאַרניכט זיי".

י ו נ ת ן אָבער האָט זיך באַצייטנס דערוואוסט, וואָס מ'וויל אים טאָן. איז ער און זיין ברודער ש מ ע ו ן און אַלע מענשן, וואָס מיט אים, אַוועק אין מ ד ב ר. און פון דאָרט האָט ער אָנגעהויבן אָנפאַלן אויף באַקכידעסן. און עס זיינען צוגעשטאַנען צו אים וואָס ווייטער אַלץ מער אידן, וואָס זיינען גרייט געווען צו קעמפן פאַר פרייַ־הייט. ל ס ו ף איז י ו נ ת ן באַפאַלן באַקכידעסעס אַרמיי און זי צעשלאָגן. איז באַקכידעס אין כ ע ס געוואָרן אויף די העלעניסטן, וואָס האָבן אים צוגערעדט, ער זאָל ווידער קומען אין י ה ו ד ה; האָט ער אויסגעה'ר ג'עט אַ ס ך פון זיי און איז אַוועק פון י ה ו ד ה.

דעמאָלט האָט י ו נ ת ן צוגעשיקט זיינע ש ל ו ח י ם צו

באַקכידעסן מיט אַ ביטע צו מאַכן שלום, און ער האָט אויך געבעטן, באַקכידעס זאָל באַפרייען אַלע אידישע געפאַנגענע. האָט באַקכידעס צוגעשטימט און געשלאָסן שלום מיט יונתנ'ען, אים צוגעשוואָרן, אַז ער וועט אים מער קיין שלעכטס ניט טאָן און איז אַוועק פון יהודה.

## 91. יונתן ווערט כוהן-גדול.

אין עטלעכע יאָר אַרום איז געקומען אין סיריע אַ יונגער מאַן, אַלעקסאַנדער באַלאַס, וואָס האָט געזאָגט, אַז ער איז אַ זון פון אַנטיוכוס עפּיזאַנעס. ער האָט איינגענומען די שטאָט עכו (אַקו) און זיך דערקלערט פאַר קעניג.

כדי ניט צו האָבן נאָך אַ שונא אין לאַנד, האָט דמיטריוס געשיקט יונתנ'ען אַ בריף מיט גלאַטינקע רייד; צוגעזאָגט באַפרייען אַלע אידישע געפאַנגענע און אומקערן אַלע די, וואָס ער האָט גענומען אַלס פאַרזיכערונג, און געבעטן יונתנ'ען צו שליסן מיט אים אַ פריינטלאַכן אָפּמאַך.

ווען יונתן האָט באַקומען דעם בריף, איז ער אַוועק אין ירושלים און דאָרט אים דורכגעלייענט פאַר די איינוואוינער פון שטאָט, ווי אויך פאַר די, וואָס זיינען געזעסן אין דער אינוויניקסטער פעסטונג. ווען יענע האָבן דערהערט, אַז דער קעניג האָט מיט יונתנ'ען געשלאָסן אַן אָפּמאַך, האָבן זיי זיך דערשראָקן און זיך אונטערגעוואָרפן זיין מאַכט. און יונתן האָט זיך באַזעצט אין ירושלים און גענומען באַפעסטיקן די שטאָט. ער האָט אויך אַרומגערינגלט דעם באַרג ציון מיט אַ הויכער וואַנט.

ווען אַלעקסאַנדער האָט דערהערט, אַז דמיטריוס האָט אָנגעבאָטן יונתנ'ען אַ שלום-אָפּמאַך, האָט ער באַשלאָסן אַריבערצוציען יונתנ'ען אויף זיין זייט. האָט ער אים אָנגעשריבן אַ פריינטלאַכן בריף, אין וועלכן ער האָט אים באַשטימט פאַר'ן כוהן-גדול. ער האָט אים אויך צוגעשיקט אַ גאָלדענע קרוין און אַ פּורפּורנעם מאַנטל. האָט יונתן אָנגעטאָן די כהונה-קליידער און איז אָפיציעל געוואָרן דער כוהן-גדול און דער פירער פון לאַנד.

ווען דמיטריוס האָט זיך דערוואוסט, אַז אַלעקסאַנדער האָט אים איבערגעקליגט און אַריבערגעצויגן די אידן אויף זיין זייט, האָט ער

פאַרשפּראָכן י ו נ ת נ ׳ען פון אַלדאָס גוטס, אַבי יענער זאָל ווערן זײַן פרײַנט און ניט זײַן אויף דער זײַט פון אַלעקסאַנדערן. אָבער י ו נ ת ן האָט ניט געגלויבט דעם, וואָס האָט אַזוי פיל שלעכטס געטאָן די אידן, און זיך געשטעלט אויף דעם זײַט פון אַלעקסאַנדערן.

אין דעם קאַמף צווישן אַלעקסאַנדערן און דמיטריוסן איז דער ערשטער געווען דער זיגער. דעמאָלט האָט אַלעקסאַנדער אײַנגעלאַדן צו זיך י ו נ ת נ׳ען אין דער שטאָט ע כ ו. אַהין זײַנען אויך געקומען העלעניסטן צו פאַר׳מ ס ר׳ן י ו נ ת נ׳ען. אָבער דער קעניג האָט זיך ניט צוגעהערט צו זײַערע רייד. ער האָט געגעבן י ו נ ת נ׳ען אַ קלייד פון פּורפּל-וואָל און געלאָזט וויסן, אַז די אַלע, וואָס וועלן שלעכטס טאָן י ו נ ת נ ׳ען, וועלן באַקומען די האַרבסטע שטראָף.

עטלאַכע יאָר נאָכדעם זײַנען אין אַנטיאָכיע פאָרגעקומען גרויסע אומרוען און אַ קאַמף צווישן אַלעקסאַנדערן און דמיטריוסן און זײַערע גענעראַלן. און י ו נ ת ן און ש מ ע ו ן זײַן ברודער האָבן דערווײַל באַפעסטיקט י ר ו ש ל י ם און אַ סך אַנדערע אידישע שטעט. י ו נ ת ן האָט אויך געשיקט ש ל ו ח י ם אין רוים און באַנײַט מיט׳ן רוימישן סענאַט דעם פרײַנטשאַפט-אָפּמאַך, וואָס י ה ו ד ה האָט נאָך מיט יאָרן פריער געשלאָסן מיט רוים.

## 92. י ו נ ת נ׳ס טויט.

אינ׳ם הויף פון די סעלײַקידן זײַנען נאָך לאַנג פאָרגעקומען שטרײַטן צווישן די פאַרשידענע פּרעטענדענטן אויפ׳ן טראָן. און ווען דער קעניג אין אַנטיאָכיע איז געווען אַנטיוכוס, דער זון פון אַלעקסאַנדער באַלאַס, האָט זײַן הויפּט קריגספירער, טריפאָן, פאַרטראַכט צו טײטן דעם קעניג און אַליין פאַרנעמען זײַן פּלאַץ. טריפאָן אָבער האָט מ ו ר א געהאַט, י ו נ ת ן זאָל אים אין דעם ניט שטערן. האָט ער באַשלאָסן צו פאַרנאַרן י ו נ ת נ ׳ען צו זיך און אים דער׳ה ר ג׳ענען.

איז טריפאָן אַוועק צו די גרעניצן פון י ה ו ד ה און געבעטן י ו נ ת נ׳ען, ער זאָל קומען צו אים. איז יענער געקומען, אָבער צוזאַמען מיט פערציק טויזנט אויסגעקליבענע זעלנער. האָט טריפאָן זיך געשראָקן צו טאָן י ו נ ת נ׳ען עפּעס שלעכטס. האָט ער אים געוויזן

אַ פֿרײַנטלאַכן פּ נ י ם, אים אױפֿגענומען מיט גרױס כּ ב ו ד און אױפֿגעפֿאָדערט זײַנע מענשן צו פֿאָלגן י ו נ ת נ'ען אין אַלצדינג. אױף דעם אוֹ פ ן האָט ער געװאונען י ו נ ת נ'ס צוטרױ. און װען ער האָט נאָכדעם געזאָגט י ו נ ת נ'ען: „צו װאָס דאַרפֿסטו אומ־זיסט אױסמאַטערן דײַנע מענשן? שיק זײ אַהײם, װײַל צװישן אונז זײַנען דאָך ניטאָ קײן שטרײַטיקײַטן", האָט י ו נ ת ן געגלױבט טריפֿאָנען. ער האָט אָפּגעשיקט כּ מ ע ט אַלע זײַנע סאָלדאַטן, און אַלײן איז ער מיט אַ גאַנץ קלײנער גרופּע פֿון באַגלײטער אװעק צו טריפֿאָנען אין ע כּ ו.

װען י ו נ ת ן איז געװען אין ע כּ ו, האָבן די אײַנװױנער פֿון דער שטאָט פֿאַרשלאָסן אַלע טױערן, דער'ה ר ג'עט י ו נ ת נ'ס באַגלײטער און אים אַלײן האָבן זײ געפֿאַנגען און איבערגעגעבן טרי־פֿאָנען. און טריפֿאָן האָט געטראַכט: „איצט, װען דער פֿירער פֿון די אידן איז אין זײַנע הענט, װעלן די אידן ניט װאַגן צו שטעלן זיך אַנט־קעגן אים". האָט ער גענומען אַ גרױסע אַרמײ און איז אװעק אין י ה ו ד ה. און י ו נ ת נ'ען האָט ער געשמידט אין קײטן און אים גענומען מיט זיך.

װען די אידן האָבן דערהערט, װאָס עס האָט געטראָפֿן מיט י ו נ ת נ'ען און מיט זײַנע באַגלײטער, האָבן זײ געװײנט, און זײער האַרץ איז צעגאַנגען אין זײ פֿאַר שרעק.

דעמאָלט איז געקומען אין י ר ו ש ל י ם י ו נ ת נ'ס ברודער, ש מ ע ו ן, און געזאָגט צו די אידן: „איר װײסט, װאָס מײַנע ברידער און מײַן גאַנץ הױזגעזינד האָבן געטאָן פֿאַר אונזער פֿאָלק און פֿאַר זײַן גלױבן. מײַנע ברידער זײַנען אײנער נאָכן אַנדערן געפֿאַלן אין דעם קאַמף; איצט בין איך געבליבן אײנער אַלײן. בין איך ניט בעסער פֿון זײ. איך װעל ניט אַנטלױפֿן אין דער צײַט פֿון אַ צ ר ה. איך װעל אױפֿשטײן און װעל נ ק מ ה נעמען פֿון אונזערע פֿײַנט פֿאַר אונזערע פֿרױען און קינדער און פֿאַרן גאַנצן בלוט פֿון אונזער פֿאָלק, װאָס זײ האָבן פֿאַרגאָסן. איצט זײַנען זײ װידער געקומען און װילן אָפּמעקן אונזער נאָמען און אונזער געדעכעניש פֿון דער ערד. לאָמיר אַלע װי אײנער אַרױסטרעטן קעגן אונזערע פֿײַנט".

איז דאָס פֿאָלק מוטיקער געװאָרן, און זײ האָבן אַלע װי אײנער געזאָגט ש מ ע ו נ'ען: „זײַ דו אונזער פֿירער אױף דעם אָרט פֿון י ה ו ד ה'ן און י ו נ ת נ'ען. דו באַפֿעל, און מיר װעלן דיך פֿאָלגן".

האָט ש מ ע ו ן צונויפגעקליבן אַלע די, וואָס קאָנען טראָגן געווער, און אויף שנעל פאַרריכט און באַפעסטיקט די מויערן פון דער שטאָט י ר ו ש ל י ם.

ווען טריפאָן האָט דערהערט, אַז ש מ ע ו ן האָט איבערגענו־מען די פירערשאַפט ביי די אידן, האָט ער אים געשיקט זאָגן: „איך האָב פאַרהאַלטן י ו נ ת נ'ען, ווייל ער האָט פאַרנומען פון די א ו צ ר ו ת פונ'ם קעניג. איצט, אויב דו וועסט מיר צושיקן הונדערט קיקער זילבער און צוויי י ו נ ת נ'ס זין פאַר מ ש כ נ ו ת, אַז ער וועט מער ניט אויפשטיין קעגן מיר, וועל איך אים פריילאָזן.

ש מ ע ו ן האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז טריפאָן נאַרט אים. אָבער ער האָט ניט געוואָלט, אַז מ'זאָל צווישן די אידן זאָגן, אַז י ו נ ת ן איז דערה'ר ג'עט געוואָרן, ווייל ש מ ע ו ן האָט ניט געוואָלט צו־שיקן טריפאָנען דאָס געלט און די קינדער. האָט ער פינקטלאַך דער־פילט טריפאָנס פאָדערונג.

אָבער עס איז נאָכדעם אַריבער אַ צייט, און טריפאָן האָט י ו נ ת נ'ען ניט באַפרייט. פאַרקערט, ער איז אַלץ טיפער אַריינגע־דרונגען אין י ה ו ד ה. נאָר אומעטום, וואו טריפאָן איז געקומען, האָט ער געטראָפן ש מ ע ו נ'ען, גרייט צו קעמפן מיט אים. האָט טריפאָן דערה'ר ג'עט י ו נ ת נ'ען און איז אַליין אַוועק צוריק אין אַנטי־אָכיע.

דעמאָלט האָט ש מ ע ו ן אויפגעזוכט י ו נ ת נ'ס קערפּער און אים באַערדיקט אין דעם ק ב ר פון זיינע עלטערן אין מ ו ד ע י ת, און ער האָט אויפגעבויט אויף דעם מ ש פ ח ה ־ ק ב ר זייער אַ שיינע מ צ ב ה.

## 93. ש מ ע ו ן ווערט נ ש י א (נאָסי).

אויפ'ן וועג קיין אַנטיאָכיע האָט טריפאָן שטילערהייט דערה'ר ג'עט דעם יונגן קעניג אַנטיוכוס און זיך אַליין אָנגעטאָן די קרוין. דעמאָלט האָט זיך ש מ ע ו ן געווענדעט צו דעם צווייטן פּרע־טענדענט אויף דעם טראָן פון די סעלייקידן, צו דמיטריוסן, און אים געבעטן, ער זאָל אַראָפּנעמען פון די אידן די אַלע שטייערן, וואָס טרי־פאָן, דער רויבער, האָט אַרויפגעלייגט אויף זיי.

האָט אים דמיטריוס געענטפערט: „איך שיק דיר אַ גאָלדענע

קרוין און אַ פּורפּול־קלייד און איך וויל מיט אייך שליסן פרידן. אַלע פעסטע שטעט, וואָס איר האָט אויפגעבויט, זאָלן בלייבן ביי אייך. איך פאַרגיב אייך אויך אויף אַלע אויפשטאַנדן, וואָס איר האָט געמאַכט קעגן מיר, און איך באַפריי אייך פון אַלע שטייערן, וואָס איר האָט מיר געדאַרפט צאָלן".

אַזוי האָבן זיך די אידן אין דעם יאָר הונדערט מיט זיבעציק פון דער סעליוקידישער צייטרעכענונג באַפרייט אינגאַנצן פון דעם יאָך פון זייערע פיינט, די סירישע גריכן.

און שמעון האָט באַפעסטיקט ירושלים און אַ סך אַנדערע אידישע שטעט. ער האָט אויך איינגענומען די שטאָט יאַפע און זי געמאַכט פאַר זיין האַפן־שטאָט. ער האָט אויך שטאַרק באַפעסטיקט דעם באַרג, וואו דער טעמפּל איז געשטאַנען. און אין יעדער באַפעסטיקטער שטאָט האָט ער אַריינגעזעצט זיינע מענשן, וואָס זאָלן אין פאַל, ווען נייטיק, די שטאָט באַשיצן. און אַלס קריגספירער איבער אַלע באַוואָפנטע קרעפטן פון די אידן האָט ער באַשטימט זיין זון יוחנן.

און שמעון האָט באַנייט דעם בונד מיט רוים. און דער רוימישער סענאַט האָט אויף קופּערנע טאָוולען אויסגעקריצט דעם פריינטלאַכן אָפּמאַך צווישן רוים און די אידן און צוגעשיקט די טאָוולען צו שמעונ'ען.

דעמאָלט האָבן זיך די אידן פאַרזאַמלט און באַשטימט שמעונ'ען אַלס נשיא, אַלס פירשט, איבער זיי, און מיט דער צושטימונג פון די כהנים, האָבן זיי אים אויך באַשטימט פאַר דעם כהן־גדול. זיי האָבן אויך באַשטימט, אַז אַלע זאָלן פאָלגן שמעונ'ען; אַז ער זאָל באַשטימען אַלע באַאַמטע און ריכטער פון לאַנד. און זיי האָבן דאָס אַלץ אויסגעקריצט אויף קופּערנע טאָוולען און צוגעשלאָגן די טאָוולען אויף זיילן אויף דעם באַרג ציון.

פון דעמאָלט אָן האָבן די אידן אָנגעהויבן צו באַצייכענען די צייט אין זייערע בריף און דאָקומענטן פון דעם יאָר, וואָס שמעון איז געוואָרן כהן־גדול און נשיא.

אַזוי האָבן זיך די אידן נאָך אַ לאַנגן קאַמף באַפרייט פון זייערע פיינט. און שמעון האָט אַרויסגעלאָזט מטבעות מיט זיין נאָמען אַלס סימן, אַז יהודה איז זעלבסטשטענדיק און פריי פון דער אויבערהערשאַפט פון אַ צווייט פאָלק און אַ צווייט לאַנד.

# פראגן.

## 1. ירבעם.

1. פארוואס האבן זיך די צען שבטים אפגעריסן פון דוד'ס הויז?
2. איז די מאכט פון ירבעמ'ען איבער ישראל געווען קלענער, ווי פריער די מאכט פון שלמה'ן?
3. צוליב וואס האט ירבעם געבויט באזונדערע טעמפלען?
4. וואס פאר א נביא איז געקומען שטראפן ירבעמ'ען?
5. פארוואס איז אחיה אזוי בייז געווען אויף ירבעמ'ען?

## 2. אחאב, אליהו און אלישע.

1. פארוואס האט עמרי אריבערגעטראגן זיין הויפשטאט אין שומרון?
2. מיט וועלכן שכנ'ישן לאנד האט זיך עמרי פארבונדן?
3. ווי האט געווירקט אט די פארבינדונג אויף דעם לעבן פון ישראל?
4. פארוואס איז אליהו געווען אין כעס אויף אחאב'ן?
5. ווי האט איזבל זיך באצויגן צו די נביאים פון יאהאווען?
6. אויף וואס פאר אן אופן האט אליהו געקעמפט קעגן בעל?
7. גיט איבער, וואס האט אליהו געזען אדער געשפירט ביים בארג הורב?
8. וואס האט אליהו ארויסגעטראגן פונ'ם בילד?
9. צוליב וואס האט אליהו ארויפגעווארפן אלישען זיין מאנטל?
10. פארוואס האט נבות ניט געוואלט געבן אחאב'ן זיין וויינגארטן?
11. וואס פאר א מיטל האט איזבל באנוצט צו באקומען דעם וויינגארטן?
12. מיט וואס פאר אן אויסדרוק האט אליהו באגעגנט אחאב'ן אין נבות'ס וויינגארטן?
13. וואו געפינט זיך דאס לאנד ארם, און וואס איז געווען זיין הויפשטאט?
14. ווי האבן די הארן פון ארם אויסגעטייטשט די ערשטע מפלה זייערע אין קאמף מיט ישראל?

15. פארוואס איז דער יונגער נביא געווען ברוגז אויף אחאב'ן פאר שלום מאכן מיט בן־הדדן?
16. פארוואס האט אחאב ניט גערן זיך געווענדט צו א נביא פון יא־האווען נאך א פאראויסזאג?
17. ווער איז געווען דער הויפט־נביא אין ישראל נאך אליהו'ן?
18. ווער זיינען געווען די יונגע נביאים?
19. פארוואס האט אלישע ניט געוואלט נעמען קיין מתנות פון נעמנ'ען?
20. פארוואס האט אלישע באוואויגן יהוא'ן צו מאכן אן אויפשטאנד קעגן אחאב'ס הויז?

## 3. די קעניגן פון יהודה.

1. וואס איז געווען די באציאונג צווישן יהודה און ישראל אין ירבעמ'ס צייטן?
2. וואס איז געווען די באציאונג צווישן אט די צוויי לענדער אין אחאב'ס צייטן?
3. ווי אזוי איז דער קליינער יואש געווארן קעניג?
4. וואס איז געווען יהואש'עס הויפט־אויפטו?

## 4. ישראל ביז'ן גלות שומרון.

1. ווער ווערט פארעכנט פאר דעם שטארקסטן קעניג פון יהוא'ס הויז און פון גאנץ ישראל?
2. פארוואס האט זך אין ירבעמ'ס צייטן אזוי שטארק אנטוויקלט דער האנדל ביי די אידן?
3. וואס האט אזוי שטארק ארויסגערופן עמוס'עס צארן?
4. פאר וועמען האט זיך עמוס איינגעשטעלט אין זיינע נבואות?
5. וואס האט געפירט דערצו, אז ישראל זאל אונטערגיין?
6. ווי פלעגט זיך אשור באגיין מיט די פעלקער, וואס זי פלעגט איינעמען?
7. וואס איז געווארן מיט ישראל נאכדעם, ווי מ'האט זיי פארטריבן פון זייער לאנד?
8. וואסער פאלק איז אויסגעוואקסן אויף דעם פלאץ פון ישראל?

## .5 יהודה נאָכ'ן גלות שומרון.

1. ווי אזוי האָט יהודה זיך באפרייט פון אשור ?
2. וואָס האָט ישעיה דער נביא פאָראויסגעזאָגט וועגן אשור ?
3. גיט איבער די נבואה פון ישעיה'ן וועגן פרידן.
4. וואָס פאר א בוך האָט מען געפונען אין טעמפּל אין יאשיהו'ס צייטן ?
5. וואָס מיינט א רעפאָרם ?
6. צו וואָס פאר א רעפאָרם האָט געפירט דאָס געפינען פון דעם בוך ?
7. וואָס האָט געפירט צום טרויעריקן טויט פון יאשיהו'ן ?
8. פארוואָס איז ירמיהו דער נביא אזוי בייז געווען אויף יהויקים'ען?
9. וואָס פאר א ליד האָט דאָס ירמיהו אָנגעשריבן ?

## .6 גלות בבל.

1. פארוואָס האָט יהויכין געקיניגט בלויז דריי חדשים צייט ?
2. פארוואָס איז ירמיהו געווען קעגן קאַמף מיט בבל ?
3. איז צדקיהו געווען פאר אָדער געגן דעם קאַמף מיט בבל ?
4. פארוואָס האָט מען ירמיהו'ן באפרייט נאָכדעם, ווי מ'האָט אים דאָס ערשטע מאָל ארעסטירט ?
5. פארוואָס האָט מען ירמיהו'ן אריינגעוואָרפן אין ליים-גרוב ?
6. וואָס האָט געבראַכט דערצו, אז ירושלים זאָל פאַלן ?
7. ווער האָט פארברענט דעם בית-המקדש ?
8. וואָס האָט נבוזראדן געטאָן מיט די אידן, ווען ער האָט איינגענומען ירושלים ?
9. וועמען האָט ער איבערגעלאָזן מיט גדליהו'ן ?
10. וואָס האָט ער געטאָן מיט ירמיהו'ן ?
11. וואוהין איז ירמיהו געגאַנגען נאָכ'ן חורבן ?
12. פארוואָס האָט ישמעאל דער'הרג'עט גדליהו'ן ?
13. וואָס האָט ירמיהו גע'עצה'ט די פארבליבענע אידן צו טאָן נאָך גדליהו'ס טויט ?
14. וואָס האָט יוחנן בן קרח געטאָן מיט די פארבליבענע אידן ?

## .7 אין בבל.

1. וואו האָבן זיך באזעצט די פארטריבענע אידן ?
2. ווער האָט אין בבל אונטערגעהאלטן דעם מוט פון די אידן ?

3. גיט איבער יחזקאל׳ס נבואה וועגן די טרוקענעביינער.
4. ווער איז געווען דניאל? וואס פאר א מעשות ווערן דערציילט וועגן אים?
5. ווער האט באפרייט פון טורמע דעם קעניג יהויכין?
6. ווער האט נביאות געזאגט אויף כורש׳ן, אז ער וועט איינגע־מען בבל?
7. ווער איז געווען בלשצאר? וואס פאר א ווארנונג האט ער באקו־מען אין דער שריפט אויף דער וואנט?

## 8. די אידן קערן זיך אום אין יהודה.

1. פארוואס האט כורש ערלויבט די אידן אומקערן זיך אין ירושלים?
2. ווער איז געשטאנען אין דער שפיץ פון די, וואס האבן זיך אומ־געקערט?
3. ווער האט צוזאמען מיט די אידן, וואס האבן זיך צוריקגעקערט, געוואלט בויען דעם טעמפל?
4. פארוואס האט זיי זרובבל דאס ניט ערלויבט?
5. וואס איז געווען דער רעזולטאט פון אט דעם פארבאט?
6. ווער האט באוואויגן די אידן פון דאס ניי אנצוהייבן בויען דעם טעמפל?
7. וועלכער קעניג האט זיי אויף דאס ניי ערלויבט דאס צו טאן?

## 9. עזרא און נחמיה.

1. צוליב וואס איז עזרא געקומען אין לאנד?
2. וואס פאר א ביכער האט עזרא מיטגעבראכט?
3. וואס האט עזרא געפאדערט פון די אידן בנוגע אן ענדערונג אין זייער פאמיליען לעבן? פארוואס?
4. צוליב וואס איז נחמיה געקומען אין לאנד?
5. האבן עזרא און נחמיה געשטערט אדער געהאלפן איינער דעם אנדערן?
6. ווער האט געשטערט נחמיה׳ן פארפעסטיקן ירושלים?
7. וואס איז געווען נחמיה׳ס ענטפער אויף זייערע שטערונגען?
8. וואס פאר א רעפארמעס אין אידישן לעבן האט איינגעפירט נחמיה?
9. צוליב וואס פלעגן די אידישע ערדארבעטער לייען געלט?

10. אין וואָס איז קענטיק, אַז נחמיה איז געווען אַ געטרייער פירער פון פאָלק?

11. וואָס פאַר אַ רעפאָרמעס האָט איינגעפירט עזרא?

12. פאַרוואָס האָט עזרא געפאָדערט, אַז טייל אידן זאָל זיך אריינקלייבן אין ירושלים?

13. וואָס פאַר אַ ראָליע האָט געדארפט שפּילן די תורה אין דעם לעבן פון די אידן לויט עזרא'ס פאָרשטעלונג?

14. וואָס פאַר אַן אָרדנונג האָט זיך איינגעשטעלט ביי די אידן נאָך עזרא'ן און נחמיה'ן?

15. וואָס פאַר אַ ראָליע האָבן אין דער אָרדנונג געדארפט שפּילן די כוהנים?

16. לויט דער תורה — וואָס פאַר אַ באַציאונג איז געווען ביי די אידן צו אָרימעלייט, צו יתומים און אַלמנות?

17. וואָס פאַר אַ באַציאונג איז געווען ביי זיי צו קנעכט?

18. וואָס פאַר אַ באַציאונג איז געווען ביי זיי צו אַרבעטער?

19. וואָס פאַר אַ כּללים האָבן די אידן געדארפט נאָכפאָלגן אין צייט פון מלחמה?

20. וואָס פאַר אַ געזעצן האָבן די אידן געהאַט וועגן געריכט?

21. וואָס פאַר אַ געזעצן האָבן די אידן געהאַט וועגן לייען געלט?

## 10. די מעשה פון אסתר.

1. צו וואָס האָט אחשורוש געהייסן ברענגען ושתי'ן?

2. ווי אַזוי פלעגט דער פערסישער קעניג אַמאָל זיך אויסקלייבן אַ ווייב?

3. פאַרוואָס האָט מרדכי אָנגעזאָגט אסתר'ן, זי זאָל ניט אויסזאָגן פון וואַנען זי שטאַמט?

4. וואָס האָט מרדכי געטאָן אין קעניגלאַכן הויף?

5. פאַרוואָס האָט זיך מרדכי ניט געבוקט פאַר המנ'ען?

6. וועמען פון די, וואָס לעבן איצט, קאָן מען פאַרגלייכן מיט המנ'ען?

7. וואָס איז געווען המנ'ס באַפעל וועגן די אידן?

8. אין וואָס איז באַשטאַנען מרדכי'ס וואָרנונג צו אסתר'ן?

9. פאַרוואָס האָט אחשורוש באַשטימט אָנצוטאָן כּבוד מרדכי'ן?

10. וואָס איז געווען זרש'עס וואָרנונג צו המנ'ען?

11. ווי אַזוי האָט מרדכי אָפּגעשאַפט המנ'ס גזרה?

12. וואָס מיינט פּורים?
13. ווי פּראַוועט מען ביי אידן פּורים?

## 11. יהודית.

1. אין וואָס שטימט ניט דער ערשטער טייל פון דער מעשה „יהודית“ מיט דעם, וואָס איר האָט ביז איצט געלערנט אין די מעשות פון אידישער געשיכטע?
2. פאַרוואָס האָבן די אידן זיך ניט געוואָלט אונטערגעבן האָלאָ־פערנוסן?
3. אויף וואָס פאַר אַן איבערצייגונג פון די אידן ווייזן אָן אַכיאָרס רייד פאַר האָלאָפערנוסן?
4. איז דער באַשלוס פון די איינוואוינער פון בתול אונטערצוגעבן זיך געווען אַ ריכטיקער און אַ גוטער?
5. איז יהודית געווען גערעכט, ווען זי האָט געטאַדלט די פירער פאַר זייער באַשלוס אונטערצוגעבן זיך?
6. וואָס האָט געטריבן יהודית'ן אויף איר געוואַגטן שריט?
7. וואָס האָט מעגלאַך געמאַכט, יהודית זאָל דורכפירן איר פּלאַן און קענען אומגעשטערט אַרויס פונ'ם לאַגער פון פיינט?
8. וואָס איז געווען דער רעזולטאַט פון יהודית'עס טאַט?

## 12. אַלעקסאַנדער מוקדון.

1. וואָס פאַר אַ צוזאַמעשטויסן האָבן די פּערסן געהאַט מיט די גריכן?
2. צו וואָס האָט זיך אַלעקסאַנדער מוקדון אַוועקגעלאָזט אין אַזיע?
3. וואָס האָבן די שומרונים אָנגערעדט אויף די אידן פאַר אַלעק־סאַנדערן?
4. ווי אַזוי האָבן די אידן אויסגעמיטן אַלעקסאַנדערס צאָרן?
5. וואָס פאַר רעכט און פּריווילעגיעס האָט אַלעקסאַנדער געגעבן די אידן?
6. פאַרוואָס ווערט וועגן אַלעקסאַנדערן דערציילט אַזוי פיל מעשיות?
7. וואָס איז געוואָרן פון אַלעקסאַנדערס קעניגרייך נאָך זיין טויט?

## 13. יהודה אונטער מצרים.

1. צו וועמען האָט באַלאַנגט יהודה נאָך אַלעקסאַנדערס טויט?
2. ווי איז געווען די באַציאונג צו די אידן מצד תלמי 1 און 2?
3. וואָס איז די סעפּטואַגינטאַ?

4. וואָס קאָנען מיר לערנען פון דער מעשה וועגן דער איבערזעצונג פון די זיבעציק ?
5. פאַרוואָס האָט חוניו 2 ניט געוואָלט שיקן דעם קעניג תלמי 3 די באַשטימטע צינזן ?
6. צוליב וואָס איז יוסף בן טוביה געפאָרן אין אַלעקסאַנדריע ?
7. וואָס פאַר אַן אַמט האָט יוסף באַקומען אַלס רעזולטאַט פון זיין רייזע ?
8. ווי האָט דאָס געווירקט אויף יוסף'ן און זיינע זין ?
9. ווי האָט זיך באַצויגן צו די אידן תלמי 4 ? פאַרוואָס ?
10. ווי איז פאָרגעקומען דער איבערגאַנג פון יהודה אונטער דער הערשאַפט פון די סעלייקידן ?

## — 14. די אידן אונטער די סעלייקידן.

1. ווי האָבן זיך די אידן באַצויגן צו אַנטיוכוס 3 פון די סעלייקידן ?
2. ווי האָט זיך אַנטיוכוס דער דריטער באַצויגן צו די אידן ?
3. וואָס האָט געפירט צו אַנטיוכוס'עס טויט ?
4. ווי אַזוי זיינען אַנטשטאַנען די העלעניסטן צווישן די אידן ?
5. וועמען פון די איצטיקע אידן קאָן מען פאַרגלייכן מיט די העלע־ניסטן ?
6. ווער זיינען געווען די חסידים ?
7. פאַרוואָס זיינען די פרומע אידן געווען אַזוי שטאַרק קעגן די הע־לעניסטן ?
8. פאַרוואָס האָט סעלייקוס דער פערטער געשיקט העליאָדאָרן אין ירושלים ?
9. וואָס האָט יאַזאָן געטאָן צו פאַרשפּרייטן דעם העלעניזם צווישן די אידן ?
10. וואָס פאַר אַ ראָליע האָט געשפּילט מענעלאַוס אין'ם אידישן לעבן ?
11. פאַרוואָס האָבן די אידן פיינט געקראָגן אַנטיוכוס עפּיפאַנעס ?
12. וואָס פאַר אַ גזרות האָט אַנטיוכוס עפּיפאַנעס ארויסגעגעבן אויף די אידן ?
13. ווי האָבן די פרומע אידן געענטפערט אויף די גזרות ?

## 15. דער אויפשטאַנד פון די חשמונאים.

1. וואָס האָט געפירט צום אויפשטאַנד פון די חשמונאים ?
2. פאַרוואָס איז יהודה געוואָרן דער פירער פון דעם אויפשטאַנד ?
3. ווי אַזוי איז מעגלאַך געווען, אַז יהודה מיט אַ סך אַ קלענערער אַרמיי זאָל באַזיגן די גרעסערע אַרמייען פון די גריכן ?
4. וועלכן יום טוב האָט יהודה און די אַנדערע אידן באַשלאָסן צו פייערן ? פאַרוואָס ?
5. וואו און אונטער וועלכע אומשטאַנדן איז געשטאָרבן אַנטיוכוס עפּיפאַנעס ?
6. האָט אלעזר'ס העלדישקייט געבראַכט אַ גרויסן נוצן די אידן ?
7. וואָס האָט געפירט דערצו, אַז דער יונגער קעניג אַנטיוכוס דער פינפטער זאָל שלום מאַכן מיט די אידן ?
8. וואָס האָט געבראַט דערצו, אַז אָט דער שלום זאָל צעבראָכן ווערן?
9. ווער איז געווען אַליקים? וואָס פאַר אַ ראָליע האָט ער געשפּילט ?
10. ווער זיינען געווען באַקכידעס און ניקאַנאָר ?
11. אונטער וועלכע אומשטאַנדן איז יהודה המכבי געשטאָרבן ?
12. אויף וואָס פאַר אַן אופן האָט יונתן נאָך יהודה'ן פאַרגעזעצט דעם קאַמף ?
13. וואָס האָט געהאָלפן, יונתן זאָל ווערן כוהן־גדול ?
14. וואָס האָט געפירט צו יונתנ'ס טויט ?
15. ווי אַזוי איז שמעון געוואָרן דער פירער פון די אידן נאָך יונתנ'ען ?
16. צוליב וואָס האָט שמעון באַפעסטיקט דעם בונד מיט רוים ?
17. וואָס האָט שמעון געמאַכט אַלס סימן, אַז יהודה האָט זיך באַ־פרייט פון דער הערשאַפט פון די גריכן ?



אַ מטבע — אַ שקל — פון שמעון דעם נשיא.

## צעשטעל אין כראָנאָלאָגישן סדר די פאָלגנדע נעמען:

1. יהורם, עמרי, ירבעם, אליהו, איזבל, אלישע, אחאָב.
2. אלישע, יואָש, הושע בן אלה, עמוס, ירבעם דער צווייטער, יהוא.
3. צדקיהו, חזקיהו, יהויכין, ירמיהו, ישעיה, נבוכדנאצר, גדליהו, מנשה, יאשיהו, יוחנן בן קרח, ברוך בן נריה, סנחריב.
4. אסתר, עזראָ, זרובבל, יחזקאל, כורש, נחמיה, בלשאצר, סאַנבאַלאַט, זכריהו, ישוע, יהודית, מרדכי, ישעיה דער צווייטער.
5. תלמי פילאַדעלפוס, אַנטיוכוס עפּיפאַנעס, שמעון הנשיא, יהודה המכבי, אַלעקסאַנדר מוקדון, ניקאַנאָר, אַנטיוכוס דער גרויסער, מתתיהו השמונאי, יוסף בן טוביה, ידוע, מענעלאָוס, אליקים, יונתן, יאַזאָן.

1. וואָס איז: יהודה? ישראל? שכם? שומרון? ירושלים? בית-אל? בית-המקדש?
2. וואָס איז: אשור? בבל? גריכנלאַנד? מצרים? סיריע?
3. ווער זיינען: די שומרונים? די כוהנים? די לוויים? די העלעניסטן? די חסידים?

## שרייב איבער צו דריי מאָל יעדן איינעם פון די פאָלגנדע נעמען און גיב אַ זאַץ מיט יעדן איינעם פון זיי.

1. ירבעם, עמרי, אחאָב, יהורם, יהוא, ירבעם דער צווייטער, הושע בן אלה.
2. דוד, שלמה, רחבעם, יהושפט, יהואָש, אמציה, חזקיהו, מנשה, יהויקים, יהויכין, צדקיהו, גדליהו.
3. אַחיה, אליהו, אַלישע, עמוס, ישעיהו, ירמיהו, יחזקאל, ישעיה דער צווייטער, חגי, זכריהו.
4. נבוכדנאצר, נבוזראַדן, בלשצאַר, כורש, דניאל.
5. זרבבל, ישוע, עזראָ, נחמיה, מרדכי, אסתר, יהודית, עוזיה.
6. אלעקסאַנדער מוקדון, תלמי, אנטיוכוס דער גרויסער, אַנטיוכוס עפּיפאַנעס, אַלעקסאַנדער באַלאַס.
7. ידוע, חוניו, יוסף בן טוביה, מתתיהו חשמונאי, יהודה המכבי, יונתן, שמעון הנשיא.

# כראָנאָלאָגיע.

* ירבעם ווערט קעניג — — — — — — — — — — אין 977 פאַר קריסט.
אחאָב ווערט קעניג — — — — — — — — — — אין 922 פאַר קריסט.
יהוא'ס אויפשטאַנד — — — — — — — — — — אין 887 פאַר קריסט.
ירבעם דער צווייטער געקיניגט — אין 830 — 769 פאַר קריסט.
עמוס — — — — — — — — — — — — — — — אַרום 800 פאַר קריסט.
* ישראל פאַלט — — — — — — — — — — — — אין 721 פאַר קריסט.
* ירושלים באַפרייט פון אַשור — — — — — — אין 701 פאַר קריסט.
(חזקיהו, ישעיה)
מ'געפינט דאָס בוך פון דער תורה — — אין 620 פאַר קריסט.
יאשיהו דער'הרג'עט — — — — — — — — — — אין 608 פאַר קריסט.
צדקיהו ווערט קעניג — — — — — — — — — — אין 597 פאַר קריסט.
(ירמיהו)
* בית המקדש חרוב; אידן פאַרטריבן אין בבל אין 586 פאַר קריסט.
* אידן קערן זיך אום אין ירושלים אונטער
זרובבל און ישוע — — — — — — — — — אין 538 פאַר קריסט.
מ'פאַרענדיקט בויען דעם צווייטן בית-
המקדש — — — — — — — — — — — — — אין 516 פאַר קריסט.
* עזראָ ברענגט די אידן די תורה — — — — — אין 458 פאַר קריסט.
* אַלעקסאַנדער מוקדון אין ירושלים — — — — אין 332 פאַר קריסט.
יהודה גייט אונטער אונטער מצרים — — אין 320 פאַר קריסט.
די איבערזעצונג פון די זיבעציק — — — אַרום 260 פאַר קריסט.
יהודה גייט אונטער אונטער די סעלייקידן אין 200 פאַר קריסט.
* דער אויפשטאַנד פון די חשמונאים — — אין 167 פאַר קריסט.
* דער ערשטער חנוכה יום-טוב 25 טעג אין
כסלו — — — — — — — — — — — — — אין 165 פאַר קריסט.
* יהודה ווערט אומאָפּהענגיק — — — — — אין 140 פאַר קריסט.

די דאַטעס מיט אַ * דאַרף מען באַזונדערס געדענקען.